# ספר תהלים

## ושירי ציון בחרוזים אין פאָעזיע

אין אידיש אין גראַמען (תרגום חפשי)

אַ פרייע פּאָעטישע איבערזעצונג, לויט די מאָטיווען פון ספר תהלים

### חלק ג


מאת

בן ציון יפה, ש״ץ






ניו-יאָרק

תש״ח

# בקשה

קיין מענטש זאָל ניט וואַגען איבערדרוקען די איבערזעצונג פון מיין „ספר תהלים ושירי ציון בחרוזים″ אָהן מיין ערלויבעניש, טיילווייז, אָדער אינגאַנצען. אויך איז ניט ערלויבט צו פאַרפאַ־סען מוזיק אָהן מיין צושטימונג, ווייל ס'איז געגען געזעץ פון אונזער תורה און אונזער מדינה.

**דער פאַרפאַסער**

A REQUEST

It is forbidden to reprint any part or the entire book of "Psalms of David" without the express Permission from the author. It is also forbidden to compose any music for any one or all of its chapters.

The Author

Printed in the United States of America by
Shulsinger Bros. Linotyping & Publishing Co.
21 East 4th Street, New York 3, N. Y.

253

# אינהאַלט:

# הקדמה

ענדליך האָב איך דערלעבט די צייט, צו לאָזען דרוקען דעם דריטען און לעצטען טייל פון דעם תהלים איבערזעצונג אין פּאָעזיע (גראַמען) פון קאַפּיטעל ק׳ ביז ק״נ. אַט איצט וועט עס זיין אַ דבר שלם. הויפּטזעכליך פאַר די יעניגע, וועלכע האָבען ביי זיךביידע פריערדיגע טיילען, וועלען איצט קענען איינשאַפען דעם לעצטען טייל אויך. ניט קוקענדיג וואָס דיזער טייל פון ספר קאָסט מיר דאָפּעלט צו דרוקען אים, דאָך האָב איך מיר אָנגעשטרענגט און טהו עס מיט פרייד און פאַרגעניגען, בכדי צופרידענצושטעלען מיינע חשוב׳ע סובסקרייבערס פון פריער.

כ׳וויל אויך בעטען מיינע חשוב׳ע לעזער און סובקרייבערס, זיי זאָלען זעהן פאַרשפּרייטען מיינע ספרים ווי וויית מעגליך. דאָס וועט מיר געבען אַ געלעגענהייט איבערצודרוקען נאָכאַמאָל דעם גאַנצען תהלים פון 150 קאַפּיטלעך אין איין באַנד, פאַר די וועלכע האָבען ניט קיין איין טייל פון מיינע ספרים. איך זוך ניט קיין עושר צו ווערען פון מיינע ספרים (און וועל קיין עושר שוין ניט זיין). כ׳טוה עס נאָר צו פאַרשפּרייטען צווישען די אידישע מאַסען מיין ארבייט, וועלכע איך האָב אויפגעטאָן איןאיבערזעצען דעם הייליגען תהלים אין פרייער פּאָעזיע, און דאָך ניט פאַרלירען דעם געשמאַק פון דעם אינהאַלט וועגען וואָס דאָרט האַנדעלט זיך.

איך בעט ביי ג־ט ער זאָל מיר געבען געזונד און לעבען, צו קענען שאַפען מיט מיין פען, פון אַנדערע הייליגע ספרים, ווי איך האָב עס געטאָן ביז אַהער. איך וויל אויך אויסדריקען מיין טיפסטע דאַנקבאַרקייט צו אַלע מיינע סובס־קרייבערס און חשוב׳ע לייענער פון מיינע ספרים. השי״ת זאָל אייך בענטשען מיט אַלעם גוטעס, צוזאַמען מיט אייערע פאַמיליעס, און דעם גאַנצען כלל ישראל, מיר זאָלען אַלע דערלעבען צו זעהן אַ באַפרייטע ארץ ישראל און שלום אויף דער גאַנצער וועלט.

נאָכ׳ן וואונטש פון מחבר,

**בן ציון יפה, ש״ץ**

ניו־יאָרק, היתשי״ח.

# וואָס אונזער גרויסער דיכטער און שרייבער אברהם רייזען זאָגט וועגן ספר תהלים

מיין טייערער ר׳ בן ציון יפה.

איך דאַנק אייך זעהר פיל פאַר אייער חשוב׳ער מתנה — אייער ספר תהלים — איבערזעצט אין פערזען, אין דער אידישער שפּראַך. אוודאי איז, ווי באַלד אין פערזען, די איבערזעצונג וואָס מען רופט אַ פרייע, אָבער עס קלינגט שעהן. און אפילו די שטימונג וואָס תהלים רופט אַרויס ביים לייענען — און ביים זאָגען איז אין אַ געוויסען זין — אויך צו געפינען אין אייער איבער־זעצונג. לך בכחך זה.

מיט גרוס און מיט יישר כח, אייער,

**אברהם רייזען**

ד׳־טען אָקטאָבער, 1947.

## וואָס דער באַרימטער חזן, תלמיד חכם און משכיל ר׳ יוסף מאָגענשטערען שרייבט וועגען דיזען ספר

החיים והשלום וכל טוב סלה ימצא בית כבוד מר חביבי הדרת החזנים ותפארת המחברים פאר עמו ועטרת קהלו ה״ה הש״ץ המפורסם והמפואר נעים זמרות ישראל מוה״ר ר׳ בן ציון יפה גרו יאיר ויופיע למשפחת היוחסין „ויפה״ בשם טוב.

בלב מלא גיל הנני לברכך בברכה המשולשת לעת גומרך חלק השלישי לשירי ציון בחרוזים ולהשלים כל מזמורי תהלים בחכמה, בדעת ובתבונה. תקותי, שכל אחד שיקרא הספר תהלים כולו הלז, יכפול וישלוש לשבוע בו. ויבין וישכיל בדעו ושכלו את עומס חכמת המחבר וישר בכל כחו, עמל ויגע לעשותו על צד היותר טוב להיות לשם ולתפארת ולתהלה. בטח אני כי רבים מאחינו בני ישראל ימהרו ויחושו לקנותו וישבעו ויתענגו תענוג הרוחניות, ויהללו בשערים מעשיך, ויאמרו תמיד החבור הזה טוב ויפה מאוד ולו נאוה תהלה.

**זאת ברכת השחר**

# ברכה לראש גבר

## צו מיין גוטען פריינד רעוו. בן־ציון יפה

ערהאַלטען דאָס בריוועלע, ג־טס געבענשטער פּאָעט,
איך שיק אייך מיין טשעק, מעהר ווי איהר בעט.
אייער תהלים בחרוזים, דערפרייט דאָך דאָס הערץ,
ווען דאָס לעבען איז פאַרביטערט, פון איצטיגען שמערץ.

וואָס נאָך ווילט איהר דיכטער מיך פרעגען?
איך טראָג אייער פרייז מיט פרייד אייך אַנטקעגען.
וואו נעמט מען אַ פידעל צו די שעהנע געזאַנגען,
ווען אייער מוזע צוגיסט די תהלים קלאַנגען.

די חרוזים זיי זיינען מיט גאָטהייט געשפּונען,
זיי שיינען אויף אונזער הימעל ווי זיבען זונען.
אייער נאָמען איז „יפה", די שענקייט אַליין,
איז אייער אַרבייט געבענטשט מיט טויזענט חן.

נאָך אייער תהלים בענקט דאָס פאָלק אין האָפען,
ווי איך ווייס שוין, פון מזרח, מערב, דרום און צפון.
בויג איך פאר אייך מיין גרויען קאָפּ דעם אַלטען,
מיט אַ תפלה צום הימעל ער זאָל אייער לעבען דערהאַלטען.

צבי הירש בלומענפעלד

# לדוד מזמור חסד ומשפט לך אזמרה

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״א)

חסד און גערעכטיגקייט וועל איך באַזינגען,
צו דיר, ג־ט, דיין נאָמען וועל איך אויסקלינגען.
איך קליג זיך צו גיהן אין דעם אמת'ן וועג,
צו פאַרשטעהן אלץ וואָס מען מעג.
איך וועל ניט שטעלען פאַר מיינע אויגען,
אומווירדיגע זאַכען וועלכע ניט טויגען.
צו טאָן שלעכטס האָב איך פיינט,
פון שטענדיג אָן, ניט פון היינט.
אַ קרום הארץ וועט פון מיר זיך דערווייטערען,
דאָס וועט מיין נשמה אויסלייטערען.
דער וואָס פאַרלוימדעט זיין חבר אין געהיים,
פון אַזעלכען דאַרף ווערען אַ שטיק ליים.
אַ גרויס האַלטער קען איך ניט פאַרליידען,
אַזאַ נפש וועל איך שטענדיג אויסמיידען.
מיינע אויגען זיינען שטענדיג צו עהרליכע מענשען,
דערפאַר האָף איך, אַז ג־ט וועט מיך בענטשען.
אַ פאַלשער מענש, קען זיך אין מיין הויז ניט געפינען,
ווייל איך האָס זיי אַזוי ווי שפּינען.
יעדען פריהמאָרגען וועט ג־ט פאַרברעכער פאַרשניידען,
אַלע אומרעכט־טוער, וועל איך אויסמיידען.

# תפלה לעני כי יעטף

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ב)

ג־ט דערהער מיין שטימע, מיין געשריי,
איך קען ניט איבערטראָגען מיינע יסורים און וועה.
דיין פּנים פון מיר אין מיין נויט ניט פאַרבאָרג,
נויג צו דיין אויער ווען איך קרעכץ און זאָרג.
ווי אַ רויך זיינען מיינע טעג פאַרשוואונדען,
די ביינער מיינע פאַרטריקענט, די פלייש אָפּגעשונדען.
מיין האַרץ איז צובראָכען, פאַרטריקענט ווי אַ גראָז,
דער ווינט קען מיך פאַרטרייבען מיט אַ בלאָז.
פון מיין שטימע באַהעפּט זיך מיין געביין,
עלענד בין איך, ווי אַן עלענדער שטיין.
ווי אַן איינזאַמער פויגעל בין איך געוואָרען,
וועלכער פאַרשעלט דעם טאָג פון זיין געבוירען.
מיינע פיינט אַ גאַנצען טאָג טוען מיך שעלטען,
חרוב האָבען זיי געמאַכט מיינע געצעלטען.
אַש ווי ברויט האָב איך געגעסען,
מיינע געטראַנקען האָבען מיין האַרץ צופרעסען.
צוליב׳ן כעס און צאָרען פון ג־ט,
וועלכער אַרונטערגעשליידערט מיך האָט.
מיינע טעג זיינען ווי אַן אויסגעשפּרייטער שאָטען,
ווי אַ פאַרדאַרט גראָז, וואָס ווערט צוטראָטען.
אָבער דו, ג־ט, זיצסט אין דיין אייביגקייט,
דיין אָנדענק איז אויף דורות, ס׳איז קיין קלייניגקייט.
דערבאַרימען זיך אויף ציון איז שוין צייט,

די באַשטימטע מינוט איז געקומען, ס'איז ניט ווייט.
דיינע קנעכט, איהרע שטיינער קושען מיט ליב,
פרעסען צו זייערע ליפען איהר שטויב.
פאַר ג־ט'ס נאָמען פעלקער וועלען האָבען מורא,
אַלע קעניגע וועלען באַנעהמען דיין הייליגע תורה.
פאַר'ן קומענדען דור, פאַרשריבען וועט עס ווערען,
דאָס צוקונפטיגע פאָלק וועט צו ג־ט זיך קעהרען.
ג־ט פון זיין הייליגער הויך טהוט אַרונטער בליקען,
העלפען דעם געפאַנגענעם, — צו זיך צודריקען.
צו דערצעהלען אין ציון ג־ט'ס נאָמען,
זיין לויב אין ירושלים וועט זיין ווילקאָמען.
אין וועג איז אויסגעמאַטערט מיין כח,
מיינע יאָהרען פאַרקירצט, — אויסגעטריקענט מיין מח.
אָ, ג־ט! נעהם ניט אַ העלפט פון מיין לעבען,
צו דיך האָף איך, און טהו שטרעבען.
האָסט געגרינדעט די ערד פאַרצייטען,
אַלץ קענסטו איבעראַנדערשען, — איבערבייטען.
וועסט בלייבען אויף אייביג און אימער,
ווען אַלץ וועט שוין זיין חרוב אין טרימער.
ווי אַ קלייד וועלען זיי ווערען צופוילט,
וועלטען האָסטו אומגעבראַכט, — אויפגעבויט.
אָבער, דיינע יאָרען, ענדיגען זיך קיינמאָל ניט, ג־ט,
וואָס הימעל און ערד באַשאַפען האָט.

# ברכי נפשי את ד׳ וכל קרבי

(אויפין מאָטיוו פון תהלים קפּאַיטעל ק״ג)

לויב מיין נפש, ג־ט,
פאַרגעס ניט וואָס געטאָהן ער האָט.
ער פאַרגיט אַלע דיינע זינד,
היילט דיינע קראַנקהייטען גיך געשווינד.
דער וועלכער לייזט אויס פון פאַרניכטונג דיין לעבען,
באַקרוינט דיך אַרום מיט חסד צום לעבען.
ג־ט טהוט גערעכטיגקייט,
באַווייזט אונטערדריקטע זיין מעכטיגקייט.
ג־ט איז רחמנות, מיט מיטלייד פול,
ווען ער זיצט אויף זיין געטליכען שטוהל.
ניט נאָך אונזערע זינד האָט ער אונז געטאָן,
אונזערע שולדען ווייסט ער פונ׳ם אָנהויב אָן.
ווי מזרח פון מערב איז ווייט אָהן אַ שיעור,
אַזוי דערווייטערט ער זינד פון אונזער טיהר.
ווי אַ פאָטער האָט מיטלייד מיט זיינע קינדער,
אַזוי היט ער אונז, ווי אַ פּאַסטוך זיינע רינדער.
ג־ט ווייסט פון וואַנען מיר שטאַמען,
פון שטויב, — דערפאַר וויל ער אונז ניט פאַרדאַמען.
אַ מענש איז צום גראָז געגליכען,
די זעלבע נאַטור, — די זעלבע שטריכען.
טהוט אַ בלאָז אויף איהם דער ווינט,
אַזוי ווערט ער פאַרלאָרען גיך געשווינדט.
אָבער, דער חסד פון ג־ט איז אַלעמאָל,

זיין גערעכטיגקייט איז אָהן אַ צאָהל.
צו די וועלכע זיין בונד היטען אָפּ,
און וועלכע גוטע געדאַנקען האָבען אין קאָפּ.
לויבט ג־ט זיינע מלאכים, וועלכע טהוען זיין באַפעהל,
כאַפּען אויף זיין וואָרט, גיך שנעל.
לויבט ג־ט אַלע חיילות זיינע,
זיינע באַדינער, די בעסטע און פיינע.
אַלע זיינע באַשעפענישען לויבען ג־ט,
אין אַלע ערטער וועלכע ער האָט.

# ברכי נפשי את ד׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ד)

ג־ט מיין האַר ביזט זעהר גרויס,
אַנגעקליידט מיט שעהנקייט איז דיין הויז.
דיינע העכערע הייזער אין וואַסער פאַרדעקט,
דעם רייטוואָגען אין די וואָלקענס — אַנטפּלעקט.
געגרינדעט די ערד אויף איהרע שטעלען,
פון אַזאַ אַרבייט דאַרף מען אָנקוועלען.
דעם אָפּגרונט באַדעקט האָסטו ווי אַ קלייד,
דאָס וואַסער זאָל ניט פאַרפלייצען, — ברענגען לייד.
פון דיין געשריי זיי אַנטלויפען,
פון דיינע דונערען באַהאַלטען זיך אין די הויפען.
אַ גרעניץ האָסטו געמאַכט ניט אַריבערצוטרעטען,
ניט אומקעהרען זיך, די ערד פאַרדעקען.
ער שיקט פאַנאַנדער קוואַלען, טאָלען,
צווישען בערג לויפען, — פאָהרען.
טרינקען אָן אין פעלד אַלע חיות,
שטילען זייער דורשט, ס׳איז קיין נייעס.
נעבען זיי די פויגלען זיצען,
צווישען די צווייגען, אין קעלט און היצען.
פאַר דער בהמה גראָז וואַקסען ער מאַכט,
גרינס פאַר׳ן מענשען, ווי וואונדערליך, — באַטראַכט.
וויין דערפרעהט דאָס האַרץ פון מענשען,
מ׳דאַרף דערפאַר ג־ט בענטשען.
זעטיגען זיך אין די בוימער פון ג־ט,

די צעדערבוים פון לבנון, וואָס באַשאַפען ער האָט.
די פויגלען בויען זיך נעסטען דאָרט,
דער שטאָרק מאַכט אויך אין בוים זיין אָרט.
די לבנה פאַר צייט באַשטימען האָט ער געמאַכט,
די זוהן אונטערגאַנג נעהמט אויך אין אנבעטראַכט.
די יונגע לייבען שרייען נאָך רויב,
בעטען ביי ג־ט זייער, גיבען איהם אָפּ אַ לויב.
שיינט אויף די זוהן, באַהאַלטען זיי זיך,
אין זייערע וואוינונגען לויפען זיי גיך.
ווי וואונדערליך ס'איז דיין אַרבייט, אָ ג־ט!
אַלץ מיט חכמה געמאַכט ער האָט.
דער ים איז גרויס און ברייט אָהן אַ שיעור,
אַלע רמשים קריכען דאָרט אויף אַלע פיער.
דאָרטען געהען אויך שיפען,
דער לויתן ווי אַ קינד טהוט שטיפען.
שפייז אין צייט טהוסטו זיי געבען,
דאָס איז זייער חיות, זייער לעבען.
ווען אָבער דו טהוסט זיך פאַרבאָרגען,
אַזוי ווערען זיי אומרוהיג, און זאָרגען.
נעהמסט אַוועק זייער אָטעם, געהען זיי אויס,
קעהרען זיך אום צו אַ פינסטער הויז.
שיקסט דיין גייסט, באַשאַפען ווערען זיי,
באַנייסט די ערד, איינס, — צוויי.
איך וועל זינגען צו ג־ט, ביי מיין לעבען,
דאָס איז מיין פאַרגעניגען, מיין שטרעבען.

# הודו לד׳ קראו בשמו

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ה)

לויבט ג־ט, זיין נאָמען מאַכט באַקאַנט,
צווישען פעלקער זיינע טהאַטען אנערקענט.
זינגט פאַר איהם און שפּילט,
וועגען זיינע וואונדער רעדט, — זייט ניט געשטילט.
פאַרשט ג־ט און זיין מאַכט,
דערמאָנט זיינע וואונדער, גוט באַטראַכט.
זיינע צייכענס און שטראָפען פון זיין מויל,
איהר קינדער פון אברהם באַטראַכט, זייט ניט פויל.
ער איז ג־ט אונזער האַר,
ער וועט אונז אויסהיטען פון יעדער געפאַהר.
ער געדענקט זיין בונד אויף אַלע מאָל,
זיין וואָרט איז שטאַרקער ווי אייזען און שטאָל.
וואָס ער האָט מיט אברהם׳ען געשלאָסען,
האָט יצחק פון דעם אויך גענאָסען.
צו יעקב׳ן אַלס געזעץ אַוועקגעשטעלט,
פאַר ישראל׳ן אַן אייביגען בונד אויף דער וועלט.
געזאָגט: צו דיר וועל איך אָפּגעבען דאָס לאַנד,
אַלס אַ טייל, — און קומען צו אַ באַשטאַנד.
ווען זיי זיינען אַ קליינע צאָהל געווען,
איינוואוינער אין איהר, ווי וועניג וואָס אָנגעזעהן.
פון פאָלק צו פאָלק זיינען זיי געגאַנגען,
ניט דערלאָזט, מ׳זאָל זיי אין אַ נעץ פאַנגען.
ער האָט ניט דערלאָזט מ׳זאָל זיי דריקען,

געוואָרענט רעגירער — זיי ניט צו שטיקען.
מיינע געזאַלבטע זאָלט איהר ניט באַריהרען,
מיינע נביאים זאָלט איהר ניט פאַרפיהרען.
אַ הונגער גערופען האָט ער איבער׳ן לאַנד,
קיין ברויט זאָל ניט זיין אין קיינעמס האַנד.
געשיקט האָט ער פאַר זיי אַ מענטשען,
דורך יוסף׳ן, האָט ג־ט זיי געטאָן בענטשען.
זיינע פיס געפייניגט אין קייטען,
וועלכע געקענט האָבען אַ מענטשען טויטען.
ביז די צייט ווען ס׳איז געקומען ג־ט׳ס וואָרט,
דאָס האָט איהם אויסגעלייטערט דאָרט.
געשיקט האָט איהם אַ קעניג און אָפּגעבונדען,
אַ הערשער האָט איהם באַפרייט פון זיינע וואונדען.
אויף זיין הויז געמאַכט איהם פאַר אַ האַר,
איינגעזעהן ער איז א חכם, ניט קיין נאַר.
ער קען טהאָן ווי אַזוי ער פאַרשטעהט,
צום לעבען, אָדער חס ושלום צום טויט.
פרוכטבאַר האָט ער געמאַכט זיין נאַציאָן,
באַקרעפטיגט איהם מיט זיין פאָהן.
געשיקט האָט ער משה׳ן זיין קנעכט,
די מצריים געטאָן זייער רעכט.
אָנגעשיקט פינסטערניש ווי די נאַכט,
ניט פאַר אונז אידען געדאַכט.
איבערגעקעהרט זייער וואַסער צו בלוט,
טרינקענדיג איז זיי געוואָרן אַזש ניט גוט.
מיט שרצים זייער לאַנד פאַרפלייצט,
געשפרונגען אין די אויוועגס ווען געהייצט.

געזאָגט : איז אַ צומישעניש גלייך געקומען,
פון דעם כנים בייסעניש, קרעכצן, ברומען.
אַ האָגעל געגעבען ווי גיהנום פייער העל,
וואָס האָט פון אַלץ געמאַכט אַ תל.
זייער פייגנבוים און ווייןשטאָק צושלאָגען,
און נאָך פאַרשידענע פלאָגען.
די פרוכט אויפגעגעסען פון היישעריקען אין פעלדער,
אין די גראָזען פון גערטנער און וועלדער.
די בכורים דער׳הרג׳עט אין זייער לאַנד,
ערשט דאַן זיינען זיי געקומען צום פאַרשטאַנד.
אַרויסגעפיהרט האָבען די אידען זילבער מיט גאָלד,
די מצריים שווייגען, מאַכען ניט קיין געוואלד.
זיי פרעהען זיך מיט זייער אַרויסגעהן,
אַ שרעק באַפאַלט זיי, — שטומען ווי אַ שטיין.
אַ וואָלקען האָט ער אויף זיי פאַרשפרייט,
א פייער צו באַלייכטען איז געשטאַנען גרייט.
געזעטיגט זיי מיט הימעל ברויט,
ניט דאַרפען ליידען הונגער און נויט.
געעפענט אַ פעלז, וואַסער איז גערונען,
דורך די טריקענישען אַ וועג געפונען.
אַרויסגעפיהרט מיט פרייד דאָס פאָלק מיט אַ שטאַרקער האַנד,
געבראַכט זיי אין זייער לאַנד.
זיי איבערגעבען דאָס בוך פון די געזעצען,
וואָס אנערקענט נאָר איין גאָט, ניט קיין געצען.

# הודו לד׳ כי טוב

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ו)

באַדאַנקט ג־ט, וואָרום ער איז גוט,
אייביג איז זיין חסד, נאָר גוטעס טוהט.
זיינע העלדישע טוהונגען אויסריידען ווער קען?
און ווער איז עס אומשטאַנד באַשרייבען מיט אַ פען?
וואויל איז צו די, וועלכע זיין געזעץ היטען אָפּ,
יעדערער דאַרף עס אַריינגעמען אין זיין קאָפּ.
געדענק מיך ג־ט, זיי וויליג צו דיין פאָלק,
דערמאָן מיך אין דיין הילף, ברענג אונז צו אַ טאָלק.
זעהן דאָס גליק פון דיינע דערוויילטע,
צו פרייען זיך מיט הערצער געהיילטע.
מיר האָבען געזינדיגט מיט אונזערע עלטערען צוגלייך,
אונרעכט געטאָן, סיי אָרעם סיי רייך.
אונזערע עלטערען אין מצרים, דיינע וואונדער ניט באַגריפען,
ווי קליינע קינדער, וועלכע ווילען רק שטיפען.
דיינע גרויסע חסדים האָבען זיי ניט דערמאָנט,
ווען צוקומענדיג ביים ים סוף נאָהענט.
אָנגעשריען אויף דעם ים סוף, געוואָרען טרוקען,
אויף ערד געטראָטען, — אַלע מיט וואונדער קוקען.
די באַדריקטע זיינע מיט דאָס וואַסער פאַרדעקט,
קיין איינציגער ניט פאַרבליבען, — ס׳האָט זיי ניט געשמעקט.
געגלויבט האָבען זיי זיינע ווערטער,
געבליבען פאַרגאַפט אויף זייערע ערטער.
גיך אָבער, האָבען זיי זיינע טהואונגען פאַרגעסען,

פון צופיל וואוילטאָג, פון צופיל פרעסען.
אינ׳ם מדבר האָבען זיי באַגערט,
צו זייער פאַרלאַנג האָט זיך ג־ט צוגעהערט.
משה׳ן אין לאַגער, האָבען זיי אָנגערייצט,
ווי אַ פייער אויווען אָנגעהייצט.
די ערד האָט זיך געעפענט, דתן׳ען איינגעשלונגען,
אַ פייער פאַרברענט, זייער געמיינדע מיט זיינע צונגען.
ביים באַרג חורב אַ קאַלב געמכט,
געבוקט זיך צו איהם, זעהר פיין פארבראַכט.
פארגעסען האָבען זיי זייער העלפער ג־ט,
וועלכער וואונדער אין מצרים געטאָן האָט.
צו פאַרניכטען געדענקט האָט ער זיי אַלע,
ווען ניט משה זיין אויסדערוויילטער, — ווי אַ חתן זיין כלה.
זיין כעס אָפצוהאַלטען פון זיי,
ער זאָל ניט ליידען וועהטאָג און ווערה.
געקריגט האָבען זיי זיך אין זייערע געצעלטען,
געוואָלט פאַרנעמען אַלע וועלטען.
אויפגעהויבען האָט ג־ט זיין האַנט קעגען זיי,
אַ תל געמאַכט, — אָך און וועה.
צווישען פעלקער געלאָזט פאַלען זייערע קינדער,
אויסגעשפרייט צווישען לענדער אַזוי ווי רינדער.
מיט׳ן בעל פעור, פאראייניגט האָבען זיי זיך,
געגעסען אָפערס צו טויטע געטער גיך.
ביז אַ מגפה האָט אויסגעבראָכען פון ג־ט,
און פנחס, פאַראורטיילט די זינדער האָט.
פאַרהאַלטען די מגפה האָט ג־ט צוליב איהם,
ר׳האָט זיך צוגעהערט צו זיין שטים.

און ווידער דערצאָרענט האָבען זיי אויפסניי,
ביים מריבה וואַסער געהענדיג פאַרביי.
משה האָט צוליב זיי שטאַרק געליטען,
פאַר זייערע שלעכטע און געמיינע זיטען.
זיי האָבען איהם זיין האַרץ אויפגעגעסען,
און פון ג־ט האָבען זיי פאַרגעסען.
מיט אַלע פעלקער אויסגעמישט זיך,
אָפגעלערענט זייערע מעשים גיך.
געדינט האָבען זיי צו זייערע בילדער,
געוואָרען אַלץ וואָס מעהר ווילדער.
געשאָכטען זייערע זיהן און טעכטער צו די שדים,
פאַרגאָסען אומשולדיג בלוט פון שנור און איידים.
דורך זייערע טהואונגען, זיינען זיי געוואָרען אומריין,
און געטאָן זאַכען וועלכע זיינען ניט שעהן.
האָט ג־ט׳ס כעס זיך צוברענט אויף זיי,
פאַראַכטעט זיין נחלה, פאַר טאָן אים ווער.
אין פעלקערשע הענט זיי איבערגעגעבען,
די פיינט האָבען זיי געדריקט, — פאַרביטערט זייער לעבען.
גערעטעט האָט זיי ג־ט פילע מאָל,
און זיי האָבען רעוואָלטירט גאָר אָן אַ צאָהל.
דערזעהן, אַז זיי האַלטען זייער שמאָל,
דערמאָנט האָט ער זיין בונד מיטאַמאָל.
באַדאַנקט, לויט נאָך זיינע גרויסע חסדים,
כאָטש געהאַנדעלט האָבען זיי, ווי משומדים.
דערוועקט האָט ער אויף זיי גרויס רחמנות,
ווייל ג־ט איז אַ בעל רחמים, א בעל נאמנות.
אָ, העלף אונז ג־ט, קלייב אונז צונויף,
צו לויבען דיין נאָמען, אין דיין הייליגען הויף.

# יאמרו גאולי ד׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ז)

זאָלען זאָגען די דערלייזטע פון ג־ט,
וועלכער באַפרייט זיי האָט.
צוזאַמענגעקליבען האָט ער זיי,
וואו די היץ ברענט, — און וואו ס׳איז פרעסט און שניי.
זיי האָבען געבלאָנדזשעט אין וויסטע ערטער,
מ׳קען עס ניט אויסמאָלען מיט געוועהנליכע ווערטער.
הונגעריגע און דורשטיגע זיינען זיי געוועזן,
זייער נפש פאַר׳חלש׳ט, אַ שרעק צו זעהן.
און ווען זיי האָבען געשריען צו ג־ט,
די ליידען זייערע באַלד געראַטעט האָט.
אַרויפגעפיהרט אויפ׳ן גלייכען וועג,
אָנגעוויזען, וואָס מ׳טאָר ניט, און מ׳מעג.
אַזעלכע זאָלען ג־ט דאַנקען דערפאַר,
ווייל, אַרויסגעשלעפּט פון יעדער געפאַהר.
אָנגעזעטיגט האָט ער די דאָרשטיגע זעל,
די הונגעריגע מיט גוטסקייט דערפילט שנעל.
די וואָס זיצען אין פינסטערניש אין שאָטען פון טויט,
געשמידטע אין קייטען פון אייזען און נויט.
אַלץ צוליב דער ווידערשפעניגונג פון ג־ט׳ס ווערטער,
פאַראכטעט די עצה אין אלע ערטער.
געשטרויכעלט געוואָרען, הילפלאָז פאַרבליבען,
ווען געשריען צו ג־ט, האָט ער זיי צונויפגעקליבען.
אַרויסגעפירט פון פינסטערניש, צוריסען זייערע שטריק,

פריי אָפּגעאָטעמט, זיך געפרייט פון גליק.
זאָלען יענע ג־ט, דערפאַר באַדאַנקען,
און דינען צו איהם מיט ריינע געדאַנקען.
קופּערנע טיהרען האָט ער צובראָכען,
אייזערנע רינגלען, צושמעטערט, צושטאָכען.
צוליב זייערע זינד געפּייניגט ווערען זיי,
דאָ ניט זיך, און דאָ ניט שטעה.
שרייען זיי צו ג־ט מיט אַ געוואַלד,
העלפט ער אַרויס אויפ׳ן אָרט באַלד.
ער שיקט זיין באַפעהל, האַלט זיי אויס,
גיט די רפואה, צו יעטווועדען אין הויז.
זאָלען יענע פאַר זיין חסד ג־ט באַדאַנקען,
און דינען איהם מיט ריינע געדאַנקען.
זאָלען אָט די, זיינע טהאַטען זאָגען,
אַז ג־ט האָט זיי גערעטעט פון אַלע פּלאָגען.
די וועלכע אויף שיפען און ים׳ען פאָהרען,
און וועלכע אַרבייטען אין וואַסער דעם קלאָרען.
זיי האָבען געזעהן די טהאַטען פון ג־ט,
און די וואונדער פון די טיפענישען געמאַכט האָט.
אַ זאָג געטאָן, אויפגעשטעלט אַ שטורעם ווינד,
זיינע כוואַליעס דערהויבען, גיך געשווינד.
אָט הויבט זיך די שיף, אָט פאַלט זי אַראָפּ,
פון שרעק פאַרדרייט זיך ממש די קאָפּ.
ווי שכור׳ע שאָקלען זיי זיך, דרייען,
מיט זייער חכמה קענען זיי אַלץ ניט פאַרשטעהן.
האָבען זיי געשריען צו ג־ט מיט אַ געוואַלד,
געהאָלפען זיי אויף דעם אָרט באַלד.

אָפּגעשטעלט דעם שטורעם, געוואָרען, איז שטיל,
צוגעפירט צו אַ ברעג, — דארום דאַנקט ג־ט מיט געפיל.
אין אַ מדבר טייכען האָט געמאַכט,
אין אַ דורשטיגען אָרט, וואַסער קוואַלען געבראַכט.
ער באַזעצט הונגעריגע דאָרט,
און גרינדען אַ שטאָט אין יענעם אָרט.
זיי זייען דאָרט פעלדער, וויינגערטנער פלאַנצען,
ברענגען אַרויס פרוכט, — פון פרייד טאַנצען.
ער בענטשט זיי, טהוען זיך מעהרען,
זייער הצלחה איז גרויס, וואו זיי טהוען זיך קעהרען.
גיט ער אַ בליק, אַז זיי ווערען געבויגען,
פון זייערע הערשער, וועלכע ניט טויגען.
גיסט ג־ט אויס זיין צאָרען אויף זיי,
און ער מאַכט אַ תל פון זיי.
רעכטדענקענדע פרייען זיך ווען זיי זעהען,
וואָס מיט די הערשער איז געשעהען.
ווער ס'איז קלוג, פרשטעהט די חסדים פון ג־ט,
באַטראַכט, וואָס אויפגעטאָן ער האָט.

# שיר מזמור לדוד

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ח)

זינגען און שפּילען וועל איך מיר,
מיין האַרץ איז געזיכערט אָ ג־ט! אין דיר.
דערוועק זיך דו פידעל און האַרף,
גיב אַרויס דיינע טענער קלאָר און שאַרף.
צווישען פעלקער ג־ט, וועל איך דיר לויבען,
צווישען אומות וועסטו ווערען דערהויבען.
דיין חסד איז העכער פאַר'ן הימעל פיעל,
דיין אמת איז מיט אַ געטליכען געפיל.
אום דיינע געליבטע גערעטעט זאָלען ווערען,
הילף מיט דיין רעכטע האַנד, — וואו זיי זאָלען זיך קעהרען.
ג־ט האָט גערעדט פון זיין הייליגקייט,
כ'וועל צוטיילען שכם, ס'איז קיין קליינינגקייט.
גלעד, מנשה, און אפרים, דער שוץ פון מיין קאָפּ,
און מואב איז מיין וואַש טאָפּ.
ווער וועט מיך פיהרען צו דער באַפעסטיגטער שטאָט?
ווער וועט מיך ברענגען ביז אדום אָ! ג־ט?
דו האָסט דאָך אונז פאַרלאָזען פאַר גוט,
אונזערע אַרמייען, האָבען פאַרלאָרען זייער מוטה.
גיב אונז קוראַזש קעגען אונזערע שונאים,
די הילף פון אַ מענשען האָט קיין שום פּנים.
נאָר מיט ג־ט קענען מיר באַזיגען,
ער וועט מיט אונזערע שונאים קריגען.

# למנצח לדוד מזמור

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ט)

ג־ט, פון מיין לויב ניט פאַרשווייג זיי,
ווייל דער מויל פון רשע, טהוט מיר וועה.
מיט אַ פאַלשע צונג גערעדט צו מיר,
ווערטער פון שנאה, מורמעלט ער אין דער שטיל.
אַנשטאָט מיין ליבשאַפט טהוען זיי מיך האַסען,
ווען איך בעט פאַר זיי, טהוען זיי גאָר שפּאַסען.
פאַר אַ טובה באַצאָהלען זיי מיר גאָר שלעכטס,
האַסען מיך וואו איך געה, — לינקס אָדער רעכטס.
איבער איהם אַ רשע שטעל אַוועק,
ער זאָל דערפילען אַ מורא און שרעק.
זיינע טעג זאָלען זיין געצעהלט,
זיין אַמט פון אַ צווייטען אויסדערוועהלט.
זיינע קינדער יתומים. זיין ווייב אָן אַ מאַן,
בעטלען זאָלען זיינע קינדער, — וועלען זיי וויסען דאַן.
פאַנגען זאָל דער מאָנער, וואָס ער פאַרמאָגט האָט,
פרעמדע זאָלען זיין פראַצע צורויבען, אָ! ג־ט.
קיינער זאָל קיין חסד אים שענקען,
זיינע יתומים זאָלען עס אויך געדענקען.
זיין ענדע זאָל ווערען פאַרשניטען,
געננוג האָבען מיר זיך אָנגעליטען.
זיינע עלטערענס זינד זאָלען דערמאָנט ווערען,
די זינד פון זיין מאַמען, — וואו ער וועט זיך קעהרען.
אַנטקעגען ג־ט, זאָלען זיי פאַרבלייבען,
פון דער ערד זייער אָנדענק, פאַרשניידען.

דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געדענקט גענאָד צו טאָהן,
פאַרפאָלגט דעם אָרעמאַן פון שטענדיג אָן.
געליבט אַ קללה, ניט געוואָלט קיין ברכה,
דערפאַר זאָל ער האָבען, אַ ביטערע מערכה.
צו מיינע געגנער זאָל עס זיין דער לוין,
און צו יעדען אומווירדיגען פאַרשוין.
אָבער, דו ג־ט, דער האַר,
ראַטעווע מיך אַרויס פון בייזען גזר.
וואָרום אָרעם, נידערגעשלאָגען בין איך,
מיין האַרץ איז פאַרוואונדעט, שיק דיין רפואה גיך.
ווי אַ שאָטען אַזוי געה איך איין,
ווי אַ היישעריק פאַריאָגט, ווען אין שטאָט קומט אַריין.
איך בין געוואָרען צו חרפה ביי זיי,
שאָקלען מיט די קעפּ, וואו איך געה און שטעה.
דאַרום, העלף מיך ג־ט מיין האַר,
ראַטעווע מיך פון יעדע געפאַר.
זאָלען זיי עס וויסען, דו האָסט עס געטאָן,
זאָלען זיי שעלטען, — דו בענטש פון אויבען אָן.
זיי וועלען אויפשטעהן, און ווערען פאַרשעהמט,
דיין קנעכט וועט זיך פרייען, — זיי צוקלעהמט.
אָנקליידען ווען מיינע פיינד זיך מיט שאַנדע,
מיט אַ מאַנטעל פון בושה, אָט די מאוסע באַנדע.
דאַנקען וועל איך ג־ט מיט מיין מויל אַלעמאָל,
צווישען מענשען אים לויבען גאָר אַן אַ צאָהל.

# לדוד מזמור נאם ד׳ לאדני

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״י)

די רייד פון ג־ט צו מיין האַר,
זיצט ביי מיין רעכטע האַנד, — היט מיך אויס פון געפאַר.
ביז וואַנען איך וועל דיינע פיינד מאַכען,
פאַר אַ פוס־בענקעלע, — אונטער דיינע פיס קראַכען.
דעם שטעקען פון דיין שטאַרקייט וועט ער שיקען,
וועסט געוועלטיגען איבער דיינע פיינד, — וועסט באַגליקען.
פון געבורט אַ מאָרגענשטערען צו דיר שיינט,
פון דיין יוגענד אָן, — ניט פון היינט.
ג־ט האָט געשוואָרען וועט האַלטען וואָרט,
וועסט רעגירען ווי מלכי צדק דאָרט.
ג־ט מיט זיין רעכטע האַנד ,
וועט הערשער פאַרוואונדען, — פאַרלירען זייער פאַרשטאַנד.
ר׳וועט פאַראורטיילען פעלקער, טויטע קערפּערס אָן אַ צאָהל,
צעשמעטערען קערפּערס, אַלע מיטאַמאָל.
דערפאַר קען ער דעם קאָפּ זיינעם אויפהויבען,
ווייל ג־ט האָט אים דערהויבען.

# הללויה, אודה ד׳ בכל לבב

(אויפן מאָיטוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״א)

איך דאַנק ג־ט אין קרייז צווישען די עדה,
גרויס זיינען ג־טס טהאַטען, — אַלע זיינען מודה.
פּראַכט און שעהנקייט אין זיין טהאָן,
זיין גערעכטיגקייט איז פון אויבען אָן.
אַן אָנדענק פון זיינע וואונדער האָט ער געלאָזען,
מיט זיין רחמנות, וועט ער אונז ניט פאַרלאָזען.
זיין קינד אויף אייביג געדענקט ער,
צו די פּאָרכטיקע שפּייז גיט ער.
די קראַפט זיינע געוויזען צו זיין פאָלק,
געבענדיג זיי די נחלה, — ברענגען צו אַ טאָלק.
די טואונגען פון זיינע הענד איז אמת און גערעכטיגקייט,
אַלע זיינע באַפעהלען, איז פול מיט מעכטיגקייט.
צו זיין פאָלק דערלייזונג האָט ער געשיקט,
אויף אייביג איז זיין בונד, דאָס האָט אים באַגליקט.
דער הויפּט פון חכמה איז מורא פאַר ג־ט,
און גוטען פאַרשטאַנד, וועלכער ס׳פאַרמאָגט.

# אשרי איש ירא את ד׳

(אויפין מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ב)

וואויל איז דעם מענש, וואָס פאַר ג־ט האָט מורא,
באַגערט זיינע מצוות, היט אָפּ די תורה.
אַ גבור אויף דער ערד, וועלען זיינע קינדער זיין,
פאַרמעגען און רייכטום, וועט אין זיין הויז אַריין.
די גערעכטיגקייט וועט אייביג דויערען,
אַ ליכט אין דער פינסטער, וועט שיינען אין זיינע מויערען.
גוט איז דעם מענשען, וועלכער שענקט און אַנטלייט,
זיינע רייד איז געזעצליך, צו ג־ט און צו לייט.
אַזאַ וועט קיינמאָל ניט דורכפאַלען,
די זון , וועט פאַר אים שטענדיג שטראַלען.
פון שלעכטען באַריכט, וועט ער זיך ניט שרעקען,
קיינע בייזע געדאַנקען, וועט אים ניט אויפוועקען.
געשפּרייט און געגעבען צו אָרעמע מענשען,
זיין נאָמען וועט אייביג פאַרבלייבען, ג־ט וועט אים בענשען.
דער רשע וועט עס זעהן, און האָבען פאַרדרוס,
קריצען מיט זיינע ציין, וואָס יענער האָט גענוס.
דער באַגעהר פון די רשעים פאַרלוירען וועט ווערען,
וועלען ניט האָבען קיין תקומה, וואו היין זיך צו קעהרען.

# הללויה, הללו את ד׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ג)

לויבט ג־ט׳ס קנעכט, זיין נאָמען לויבט,
פון איצט ביז דער אייביגקייט, אים דערהויבט.
פון דעם אַרויסשיין, און זון פאַרגאַנג,
איז ג־טס נאָמען באַרימט פון לאַנג.
ער איז איבער אַלע פעלקער דערהויבען,
מען האָט צוטרוי צו אים, און גלויבען.
ווער איז ווי ג־ט אונזער האַר ?
וועלכער היט אונז פון בייזען גזר ?
דעם געפאַלענעם שטעלט ער אויף פון שטויב,
דעם אָרעמאַן פון מיסט, גיט ער אַ הויב.
ער זעצט אים אַוועק מיט די אַדעל לייט פון פאָלק,
און ברענגט זיי צו רוה און טאָלק.
די קינדערלאָזע אין הויז באַזעצט ער פעסט,
ווי פויגלען אין זייער שטרויענעם נעסט.

# בצאת ישראל ממצרים

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ד)

װען פון מצרים זיינען די אידען אַרויסגעגאַנגען,
און באַפרייט געוואָרען פון גלות דעם לאַנגען.
ווי נאָר דעם ים האָט עס דערזעהן,
וואָס מיט די אידען איז אַזוינס געשעהן
אַזוי איז ער גלייך אַנטלאָפען,
זיינע כוואַליעס זיינען געוואָרען איינגעשלאָפען.
די בערג זיינען פון שמחה, אויפגעשפרונגען,
ווען אַריבערגייהענדיג דעם ים איז זיי געלונגען.
וואָס איז מיט דיר, דו ים, וואָס דו ביסט אַנטלאָפען ?
און דו, ירדן, רוקסט זיך אַהינטער, ביסט איינגעשלאָפען ?
איהר בערג, וואַרום ווי באַראַנען טהוט איהר שפּרינגען,
און איהר הויכע ערטער, ווי שעפּעלעך, מעקען, זינגען ?
דאָס איז פאַר ג־ט, דעם האַר פון דער וועלט,
וועלכער האָט באַשאַפען, היץ און קעלט.
פעלזען אין טייכען האָט ג־ט פאַרוואַנדעלט,
מיט דעם חלמיש האָט ער אויך אַזוי געהאַנדעלט.

# לא לנו ד׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קט״ו)

ניט פון אונזערטוועגען אָ! ג־ט,
נאָר צוליב דיין נאָמען, וועלכער באַשאַפען די וועלט האָט.
וואָרום זאָלען די פעלקער זאָגען,
וואו איז זייער ג־ט ?, און טהוען אונז פלאָגען.
אָבער אונזער ג־ט, וואָס ער וויל טהוט ער,
פאַר אים איז קיין שום זאַך ניט שווער,
זייערע געטער זיינען פון מענשענס האַנד געמאַכט,
פאַסט אויף, זעהט, באַטראַכט.
זיי האָבען מיילער און קענען ניט ריידען,
זייערע אויגען ווי בלינדע, אויף כפרות טויגען.
זייערע אויערען טהוען ניט הערען,
איהר קענט זיי שעלטען, איר קענט זיי שווערען.
נעזער, וועלכע קענען ניט שמעקען,
מיט׳ן צונג, קענען זיי ניט לעקען.
הענט וועלכע קענען ניט טאַפען,
מיט זייערע פיס קענען ניט קלאַפען.
אַזוי ווי זיי, זייערע מאַכערס זאָלען זיין,
דער וועלכער טרויט אין זיי, איז זעהר ניט פיין.
אָבער, דו ישראל, אויף ג־ט פאַרלאָז זיך,
ר׳וועט דיר פון דיינע צרות אויסלייזען גיך.
אהרנ׳ס הויז, אויף ג־ט זיך פאַרזיכער,
ר׳וועט ברענגען די ישועה וואָס גיכער.
ג־ט האָט אונז דערמאָנט,
זיין הילף איז שוין נאָהענט.

ער וועט אונז אַלעמען בענשען,
מאַכען אונז צוגלייך מיט אַלע מענשען.
ער וועט בענשען די גרויסע מיט די קליינע צוזאַמען,
וייל פון די אָבות מיר שטאַמען.
ג־ט זאָל אייך פאַרמעהרען,
וואוהין איר וועט זיך קעהרען.
איהר זענט די געבענטשע פון ג־ט,
וועלכער די הימעל און ערד באַשאַפען האָט.
ניט טויטע קענען ג־ט לויבען,
און ניט וועלכע נידערען אין גרוב קענען אים דערהויבען.
מיר אָבער ג־ט לויבען וועלען,
פון זיינע חסדים וועלען מיר אָנקוועלען.

# אהבתי כי ישמע ד׳

(אויפֿין מאָטיוו פֿון תהלים קאַפּיטעל קט״ז)

איך האָב ליעב, אַז מיין שטים דערהערט ג־ט,
ווען זיין אויער געניגט צו מיר ער האָט.
גערופֿען האָב איך אים אין מיינע טעג,
האָט אַ יעדערער אָפּגעטראָטען פֿאַר מיר דעם וועג.
אַרומגערינגעלט האָבען מיך דעם טויט׳ס שטריק,
שמערץ און טרויער באַגעגענט אָנשטאָט גליק.
און דאַן האָב איך גערופֿען ג־טס נאָמען,
ווי אַ וואַסער־קוואַל, וועל איך צו אים שטראָמען.
מיין נפש אָ! ג־ט, באַשיץ, איך בעט דיך,
ג־ט פֿון רחמנות ברענג די ישועה גיך.
ער באַוואַכט אויף לייכטזיניגע און נאַראָנים,
וועלכע ווייזען אַרויס זייער נאַרישען פּנים.
קעהר זיך צוריק מיין נפש, רוהיג זיי,
ווייל אַלע צרות זיינען שוין פֿאַרביי.
דו האָסט מיין נפש געראַטעט פֿון טויט,
פֿון טרערען מיין אויג, — מיין לעבען פֿון נויט.
געגלויבט האָב איך, אַז ריידען וועל איך נאָך,
בין איך אָבער געפּייניגט, אונטער אַ שווערען יאָך.
געזאָגט האָב איך אין אַיילעניש ניט געטראַכט,
אַז אַלע זאָגען ליגען, ניט דאָ געדאַכט.

# מה אשיב לד׳

וואָס זאָל איך אומקערען צו ג־ט ?
פאַר זיינע געגאָדען, וועלכע געטאָן צו מיר האָט.
אַ בעכער פון הילף, וועל איך אויפהויבען,
און דעם נאָמען פון ג־ט, וועל איך לויבען.
מיינע נדרים צו ג־ט, וועל איך אָפּצאָהלען,
פאַר זיין גאַנצע געמיינדע עפענטליך באַצאָהלען.
אין די אויגען פון ג־ט איז שווער,
דער טויט פון זיינע חסידים, איז ניט זיין באַגעהר.
איך בעט דיך ג־ט, דיין קנעכט בין איך דאָך,
באַפריי מיך פון מיין שווערען יאָך.
מיינע בענדער האָסטו פאַנאַנדער געבונדען,
אַ רפואה פאַר מיר האָסטו ערפונדען.
אַן אָפּפער פון דאַנק וועל איך שעכטען צו דיר,
אויסרופען דיין נאָמען, — דאָס איז אַ היילונג פאַר מיר.
אין די הויפען פון געטליכען הויז אין ירושלים,
לויבט ג־ט, וועלכער איז היושב בשמים.

# הללו את ד׳ כל גוים

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ז)

אלע פעלקער לויבט ג־ט,
אַלע נאַציאָנען פון יעדער מדינה און שטאָט.
וואָרום געשטאַרקט איבער אונז האָט ער זיך,
זיין חסד וועט קומען גאַר גיך.

# מן המצר קראתי יה׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ח)

פון אונטערדריקונג האָב איך גערופען ג־ט,
און געענטפערט מיר מיט ברייטקייט האָט.
ג־ט איז מיט מיר, איך האָב ניט קיין מורא,
ווען איך געה אין די וועגען פון זיין תורה.
צו באַשיצען זיך אין ג־ט איז אַ סך בעסער,
איידער אין אַ מענשען, וועלכער איז פאַר מיר ניט גרעסער,
אַלע פעלקער אַרומגערינגעלט האָבען מיך,
מיט ג־טס נאָמען פאַרטיליגען וועל איך זיי גיך.
אַרומגערינגעלט מיך אַזוי ווי די ביהנען,
אַריינלאָזען זייער גיפט, אַזוי ווי די שפינען,
אָבער ג־ט, האָט מיך ניט געלאָזט פאַלען,
פאַר מיר וועט נאָך די זון אויפשטראַלען.
אַ שטימע פון געזאַנג אין צדיק׳ס געצעלט,
ג־טס רעכטע האַנט הערשט איבער זיין וועלט.
איך וועל ניט שטאַרבען, נאָר וועל לעבען,
דערציילען ג־ט׳ס טהאַטען, — דאָס איז מיין שטרעבען.
עפען אויף די טויערען פון גערעכטיגקייט,
וועל אַריינגיין אין זיי לויבען דיין מעכטיגקייט.
איך דאַנק דיר, וואָס געענטפערט האָסטו מיר,
אין מיין נויט, ווען גערופען איך האָב צו דיר.
דער שטיין וועלכער די בויערס האָבען פאַרבראַקירט,
איז געוואָרען אַ ווינקעל, מיט הייליגקייט באַצירט.
פון ג־ט, זיינען אַזעלכע וואונדער געשעהן,
וואָס מיר האָבען מיט אונזערע אויגען געזעהן.
אָט דעם טאָג, דאַרפען מיר זיין לוסטיג און פריילין,
יעדער איינער דאַרף זיך פיהלען ווי אַ מלך.

# אשרי תמימי דרך

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״ט)

## אות אלף

וואויל איז צו די וואָס זיינען גאַנץ אין זייער וועג,
נאָר אין די תורה פון ג־ט, וועלען זיי וויסען וואָס מ׳מעג.
וואויל צו די וועלכע היטען די וואָרנונגען זיינע,
פאָרשענדיג אים מיט׳ן גאַנצען האַרצען, זיין תורה די פיינע.
אויך די, וועלכע האָבען קיין אומרעכט ניט געטאָן,
ווייל ג־ט זעהט אַלעס פון הימעל אויבען אָן.
האָסט אָנגעזאָגט צו היטען דיינע באַפעהלען,
אָפּצוהיטען דיינע געזעצען, פון פרייד וועל איך קוועלען
דאַן, וועל איך ניט דאַרפען זיך שעמען,
און פאַרשפּאָרען וועל איך מיר קלעמען
דיינע געזעצען היט איך אָפּ,
פאַרלאָז מיך ניט, גיב מיר אַריין שכל אין קאָפּ.

## אות בית

מיט וואָס קען אַ יונגער האַלטען זיין וועג ריין,
לויט נאָך דיין באַפעהל זאָל ער געהן ?
מיט מיין גאַנצען האַרצען געפאָרשט האָב איך דיך,
אָ ! אין דיינע באַפעהלען פיהר מיך.
אין מיין האַרצען האָב איך באַהאַלטען דיין וואָרט,
איך זאָל ניט זינדיגען אין קיין שום אָרט.
געלויבט ביסטו ג־ט, דיינע געזעצען מיך לערען,
כ׳זאָל קיינע פון זיי ניט צעשטערען.

אין דעם וועג פון דיין תורה, האָב איך מיר געפרייט,
סיי אין פרייד, און סיי אין לייד.
איך רייד פון דיינע באַפעהלען, און קוק זיך צו,
כ'וועל דיין וואָרט ניט פאַרגעסען — ווייל אומעטום ביסטו.

## אות גימל

מיט דיין קנעכט טהו ג'נאָד, כ'זאָל היטען דיין וואָרט,
אַנטפלעק מיינע אויגען, וועל איך זעהן דיינע וואונדער
אויפן אָרט.
אַ גר אויף דער ערד בין איך,
זעה, מ'זאָל מיר ניט אומברענגען גיך.
מיין נפש איז שטענדיג אין באַגערען,
אין אַלע צייטען, וואו איך טהו מיך קעהרען.
קייקעל אַרונטער פון מיר שאַנד און שפּאָט,
ווייל איך היט דיינע געזעצען, ג־ט,
פירשטען זיינען געזעסען, און געטאָן פון מיר שפּאַסען
ווייל אין זייער האַרצען, טהוען זיי מיך האַסען.
אָבער, דיין קנעכט האָט גערעדט וועגען דיינע געזעצען,
דערפאַר איז ניט געלונגען זייער העצען.
דיין תורה איז מיין גאַנצער פאַרגעניגען,
דאָס איז דער ריינער אמת, איך זאָג ניט קיין ליגען.

## אות דלת

דערהאַלט מיך ביים לעבען, לויט דיינע רייד,
זיי לויערען אויף מיר, מיך פאַרשאַפען חרפה און לייד.
מאַך מיר פאַרשטיין די באַפעהלען דיינע,
וועל איך רעדען פון דיינע געזעצען די פיינע.
מיין נפש איז צעגאַנגען אין טרויער,

ס׳געוועלטיגט איבער מיר, יעדער אומוויסענדער פויער.
דערווייטער פון מיר, יעדע פאַלשע וועג,
וועל לערנען דיין תורה, — וויסען וואָס מ׳טאָר ניט, און מ׳מעג.
דעם אמת׳ען וועג, האָב איך אויסגעקליבען,
אין מיין האַרצען איז עס פאַרשריבען.
איך האָב מיך באַהעפט ג־ט צו דיין תורה,
זי לייכט פאַר מיר, ווי אַ גאָלדענע מנורה.
אינ׳ם וועג פון דיינע מצוות, וועל איך לויפען,
איבער גאַסען, און איבער הויפען.

## אות הא

די וועגען פון דיין געזעץ מיך דערקלעהר,
צו אָפּהיטען עס, איז פאַר מיר ניט שווער.
מאַך מיר פאַרשטעהן כ׳זאָל קענען אָפּהיטען דיין תורה,
כ׳זאָל קענען דיר דינען אָן פחד, און מורא.
אינ׳ם וועג פון דיינע מצוות, זאָל איך קענען טרעטען,
וועל איך קענען דיר בשלמות בעטען.
בויג מיין האַרץ צו דיין תורה, — און ניט צו געלט,
דאָס איז ניט די וויכטיגסטע ביי מיר אויף דער וועלט.
פון זעהן פאַלשקייט, — ווענד אָפּ מיינע אויגען,
פון קרומע וועגען, וועל איך לויפען ווי אַ פייל פון בויגען.
דערפיל דיין צוזאָג צו דיין קנעכט,
ניט מיט די רשעים, וועלכע דיין נאָמען פאַרשוועכט.
נעהם אַוועק מיין שאַנדע, פאַר וועלכע איך שרעק זיך,
די שונאים מיינע, ווילען אומברענגען מיר גיך.
איך האָב לוסט צו דיינע באַפעהלען,
פון דיין גערעכטיגקייט, טהוט מיין האַרץ אָנקוועלען.

## אות וואָו

זאָלען קומען אויף מיר דיינע חסדים אָ ג־ט,
דו, וועלכער די וועלט באַשאַפען האָט.
איך וועל מיינע לעסטערער ענטפערען אַ וואָרט,
באַשטראָף זיי אָט די רוצחים גלייך אויפ׳ן אָרט.
דעם ריכטיגען וואָרט, פון מיין מויל נעהם ניט אַוועק,
כ׳זאָל עס קענען אַרויסזאָגען אָהנע שרעק.
וועל אָפּהיטען דיין תורה, מיין גאַנצען לעבען,
ווייל דאָס איז מיין גאַנצער שטרעבען.
וועל רעַדען וועגען דיין תורה, אַנטקעגען רעגירער,
וועל מיך ניט שעהמען, קעגען די גרעסטע פיהרער.
מיינע הענט צו דיינע מצוות, וועל איך אויפהויבען,
כ׳האָב זיי ליעב, דערפאַר, טהו איך זיי לויבען.

## אות זין

דעם צוזאָג אויף וועלכען איך וואַרט, דערמאָן,
ווייל מיין לעבען שטייט אין סכנה, און קאָן.
דאָס איז מיין טרייסט אין מיין אָרימען געמיט,
דיין צוזאָג האָט מיך לעבעדיג געמאַכט, אויף יעדען שריט.
גאָטלאָזע האָבען פון מיר אָפּגעלאַכט,
פון דיין תורה, בין איך ניט אַוועק, — שטענדיג איך טראַכט.
איך דערמאָן פון דיינע אורטיילען, ג־ט, פון אַמאָל,
דאָן ווער איך געטרייסט, גאָר אָן אַ צאָהל.
צוליב די רשעים נעהמט מיך אַרום אַ ציטער,
אויפ׳ן האַרצען ווערט מיך זעהער ביטער.
דיינע געזעצען צו מיר זיינען ווי געזאַנגען,
מיין האַרץ האָבען זיי געפאַנגען.
דיין נאָמען אָ ג־ט, דערמאָן איך ביינאַכט,

אויף מיין געלעגער, שטענדיג פון דיר איך טראַכט.
אָט דאָס איז געשעהן מיט מיר,
אויף אַ רגע, לאָז מיך ניט אַוועק פון דיר.

## אות חית

געזאָגט האָב איך, אַז ג־ט איז מיין טייל,
היטען דיינע רייד, איז מיר ליעב און וואויל.
מיט'ן גאַנצען האַרצען, דיין פנים האָב געבעטען,
באַגנאַדיג מיך, — מיינע זינד טהו פאַרגלעטען.
כ'האָב איבערגערעכענט די וועגען מיינע,
און צוריקגעקעהרט זיך צו דיין תורה די פיינע.
כ'האָב מיך געאַיילט, און ניט פאַרזאַמט,
אָפּצוהיטען דיינע מצוות, — אָט דאָס איז מיין אַמט.
אַרומגערינגעלט מיך האָבען, באַנדעס רשעים,
דיין תורה ניט פאַרגעסען, — צוליב אָט די רעים.
צו דאַנקען דיר, שטיי איך אויף האַלבע נאַכט,
וועגען דיין גערעכטען משפט, נאָך איך טראַכט.
כ'בין אַ חבר, צו די יעניגע וועלכע האָבען פאַר דיר מורא,
און צו די וועלכע היטען אָפּ דיין הייליגע תורה.
פול איז דיין חסד איבער'ן לאַנד,
ברענג מיך צו אַ ברעג, צו אַ באַשטאַנד.

## אות טית

געטאָן האָסטו גוטס מיט דיין קנעכט,
האָסט אים געגעבען אַלע מענשליכע רעכט.
איידער איך בין געפייניגט געוואָרען, האָב איך
געטאָן ניט ריכטיג,
איצט, היט איך דיין אָנזאָג, — דאָס איז ביי מיר וויכטיג.

ליגענס אויף מיר האָבען זיי אויסגעטראַכט,
איך, — נאָר פון דיינע באַפעהלען כ׳טראַכט.
זייער האַרץ איז פאַרפעטסט געוואָרען,
און איך מיט דיין תורה, בין ווי ניי געבוירען.
ווען איך ווער געפייניגט, נעהם איך אָן פאַר גוט,
דיינע געזעצען גיבען מיר שטאַרקייט און מוטה.
די תורה פון דיין מויל איז מיר פיל ליבער,
ווי טויזענטער גאָלדשטיק שטיבער.

## אות יוד

דיינע מצוות צו לערנען מאַך מיר פאַרשטיין,
כ׳זאָל וויסען. אין וועלכע וועגען כ׳זאָל גיין.
כ׳ווייס ג־ט, אַז גערעכט זיינען דיינע שטראָפען,
דערפאַר, טהו. איך נאָר צו דיר האָפען.
דיין חסד מיך צו טרייסטען, זאָל זיין אַצינד,
לויט נאָך דיין צוזאָג, — טהו עס געשווינד.
די שולדיגע זאָלען פאַרשעהמט ווערען,
ווייל פאַלשקייט איז זייער באַגערען.
מיין האַרץ שטענדיג זאָל זיין מיט דיר,
וועל איך ניט פאַרשעהמט ווערען, ווען דו ביסט מיט מיר.

## אות כף

מיין נפש נאָך דיין הילף גאַרט,
נאָך דיין צוזאָג האָף איך און וואַרט.
מיינע אויגען קוקען אויס נאָך דיין געבאָט,
וואַרט פאַר דיין טרייסט־וואָרט ג־ט.
פיל נאָך זיינען די טעג פון דיין קנעכט ?
ווען ווסטו משפט׳ן מיינע נאָכיאָגער מיט רעכט ?

געגראָבען האָבען זיי אויף מיר אַ גרוב
מאַך, זיי זאָלען אַליין אַריינפאַלען אין דער פיסטערער שטוב.
אַלע דיינע מצוות זיינען ריכטיג,
יעדע מצוה איז גרויס און וויכטיג.
אָט נאָך אַ רגע, און איך בין פאַרפאַלען,
דיין באַפעל ניט פאַרלאָזען, — מיין זון זאָל שטראַהלען.
לויט נאָך דיין חסד נאָך, לאָז מיך לעבען,
היטען דיין תורה, אָט דאָס איז מיין תענוג און שטרעבען.

## אות למד

דיין וואָרט ג־ט איז אַ אייביגקייט,
אויף דור דורות, — ס'איז קיין קליינינגקייט.
ווען ניט דיין תורה, וואָלט ניט געווען מיין פרייד,
כ'וואָלט אונטערגעגאַנגען אין ערגערניש און לייד.
אייביג וועל ניט פאַרגעסען דיינע באַפעלען,
אויף מיינע פיס טהוען זיי מיך אַוועקשטעלען.
אויף מיר האָבען אַרויסגעקוקט די רשעים,
צו פאַרטיליגען מיך, אָט די רוצחים, אָט די רעים.
צו יעדע זאַך האָב איך אַן ענדע געזעהן,
אָבער צו דיין אָנזאָג, ווייסט מען ניט וואָס ס'וועט געשעהן?

## אות מם

ווי ליעב איך האָב דיין תורה,
אַ גאַנצען טאָג רעד איך פון זי אָן מורא.
דיינע מצוות מאַכען מיר קליגער אויף מיינע שונאים,
זיי האָבען קיין שום ווירדע, קיין שום פנים.
פון אַלע מיינע לערער פאַרשטיי איך מעהר,
ווייל אין געזעץ פון דער תורה נאָר איך קלער.

פון יעדען שלעכטען וועג, האָב איך מיינע פיס פאַרמיטען,
דיינע הייליגע מצוות וועל איך שטרענג אָפּהיטען.
ווי אָנגענעם זיינען דיינע רייד צו מיין גומען,
בעסער ווי זיסער האָניג צום עסען זיין פאַרנומען.

## אות נון

אַ ליכט צו מיין פוס איז דיין וואָרט אַ שיין
די תורה באַלייכט מיר, ס׳קען בעסער ניט זיין.
כ׳בין געוואָרען דערשלאָגען גאָר אָן אַ שיעור,
נאָר דיין טרייסטוואָרט, קען אויפלעבען מיר.
מיין נפש איז שטענדיג אין געפאַר,
די תורה האָט מיך אויסגעהיט פון בייזען גזר.
די רשעים אין נעץ געוואָלט האָבען מיך פאַנגען,
ניט געקענט האָבען זיי דערגרייכען, דערלאַנגען.
האָב גע׳ירשנ׳ט, דיינע געזעצען אַלעמאָל,
זיי זיינען מיין פרייד גאָר אָן אַ צאָהל.

## אות סמך

דיין תורה האָב איך ליעב, צווייפלער האָב פיינט,
פו אַלעמאָל, — ניט פון היינט.
דו ביסט מיין פאַנציר און שוץ,
דיינע ווערטער ברענגען מיר אַ פולע נוץ.
קעהרט אַוועק פון מיר איר רשעים,
שטערט מיר ניט, איהר פגע רעים.
שפאַר מיך אונטער לויט נאָך דיין צוזאָג נאָך,
געהאָלפען וועל איך ווערען, פון מיין שווערען יאָך.
אַלע וועלכע האָבען פאַרגרייזט, צעטראָטען האָסטו זיי,
צוליב זייער פאַלשקייט טהו זיי אָן חרפות, און וויי.

ווי שמוץ די רשעים האָסטו אָפּגעשאַפט,
ווייל אַ וועלט האָבען זיי פאַרשקלאַפט.

## אות עין

געטאָן האָב איך משפט און גערעכטיגקייט,
מיינע אונטערדריקער, באַווייז דיין מעכטיגקייט.
גאַראַנטיר, זיי זאָלען מיר קיין שלעכטס טאָן,
ווייל מיין לעבען איז אין געפאַר, און קאָן.
נאָך דיין הילף קוקען אויס מיינע אויגען,
צו דיין גערעכטען משפּט, וועל איך מיר בויגען.
איך בין דיין קנעכט, מאַך מיר צו פאַרשטיין,
אין וועלכען וועג, איך זאָל מיר גיין ?
דיינע מצוות ליב איך אַ סך אַ סך מער,
ווי גאָלד און זילבער, דאָס איז ניט מיין באַגער.

## אות פא

די וואָרנונגען דיינע זיינען וואונדערבאַר,
זיי האָבען מיך אויסגעהיט פון יעדע געפאַר,
דער אַריינטריט באַלייכט פון דיינע ווערטער,
מ׳זאָל זיי פאַרשטיין אין אַלע ערטער.
קעהר זיך צו מיר, און באַגנעדיג מיך,
די וועלכע ליבען און שעצען דיך.
מיין טריט גרייט אָן אין דיין באַפעהל,
אומרעכט זאָל ניט געוועלטיגען, פאַרטרייב עס שנעל.
פון מענשענס אונטערדריקונג, לאָז מיך אויס,
איך זאָל קענען היטען דיינע געזעצען אין דיין הייליג הויז.
דיין פנים מאַך שיינען אויף דיין קנעכט,
איך זאָל אַרויסקומען ריין און גערעכט.

## אות צדיק

גערעכט ביסטו ג־ט, דיין משפט איז אויך גערעכט,
דו טהוסט שטענדיג גוט, — טהוסט קיינמאָל שלעכט.
מיין כעס האָט מיך פאַרשניטען
מיינע פיינט האָבען דיינע געזעצען פאַרביטען.
דיין וואָרט איז זעהר געלייטערט,
פון דיין תורה האָב איך מיר ניט דערווייטערט.
יונג און פאַרשעמט בין איך,
דיינע געזעצען ניט פאַרגעסען האָב איך.
דריקונג האָבען מיך געטראָפען,
מיט פרייד נעהם איך אָן דיינע שטראָפען.

## אות קוף

מיט מיין גאַנצען האַרצען, גערופען האָב איך דיר,
אין מיין נויט ג־ט, ענטפער מיר.
איך בין אויפגעשטאַנען באַגינען, און געשריען,
צו דיינע רייד, טהו איך מיר, בוקען, קניען.
לויט נאָך דיין גענאָד, מיין שטימע דערהער,
מיין לעבען מאַכען זיי מיר זעהר שווער.
די זינד יאָגער, קומען זיך צוזאַמען,
ווילען מיר פון וועג אָפּראַמען.
געוואוסט האָב איך נאָך פון אַמאָל
אַז דיינע וואונדער איז אָן אַ צאָהל.

## אות ריש

זעה מיין פיין, און באַפריי מיר פון יאָך,
דיין תורה האָב איך ניט פאַרגעסען דאָך.
ווייט איז די הילף פון די רשעים,

דיינע געזעצען ניט געהאַלטען, — אַט די רעים.
באַלעב מיך ג־ט, דיין וואָרט איז נאמנות,
דו ביסט דער ג־ט פון יתומים און אַלמנות.
געזעהן האָב איך פעלשער, און געקריגט זיך מיט זיי,
דיין וואָרט ניט געהיט, — דאָס טהוט מיר ויי.
דער אָנהויב פון דיין וואָרט איז אמת ריכטיג,
אייביג איז דיין משפט, ווי די זון איז ליכטיג.

## אות שין

פאַרפאָלגט האָבען מיך אומזיסט האַרען,
אין נעץ מיך געוואָלט אַריינגאַרען.
איך פריי זיך איבער דיין וואָרט,
ווי מ׳געפינט אַ מציאה אין אַ געוויסען אָרט.
פאַלשקייט האָב איך פיינט, — טהו עס האַסען,
דיין תורה ליב איך, — פראָקלאַמיר עס אין די גאַסען.
זיבען מאָהל אַ טאָג, טהו איך דיר לויבען,
פאַר דיינע גערעכטע משפטים, ווער איך דערהויבען.
פיל פרייד איז צו די, וועלכע היטען דיין תורה,
מ׳ווערט ניט געשטרויכעלט, — זי איז די בעסטע סחורה.
כ׳האָב געהאָפט צו דיין הילף ג־ט, דיינע מצוות געטאָן,
מיט שטאָלץ וועל איך טראָגען, די אידישע פאָן.
געהיט האָב איך אַלע דיינע באַפעלען,
אויף די ריכטיגע וועגען, וועל איך מיין פוס שטעלען.

## אות תו

דערנענטערען זאָל צו דיר מיין געזאַנג,
מיין געבעט זאָל קומען פאַר דיר מיט אַ זיסען קלאַנג,
מיט לויב מיינע ליפען רעדען זאָל

דיינע געזעצען וועל איך לערנען אַלע מאָל.
מיין צונג וועט ענפטערען, אויף דיין וואָרט,
וואו דו ביסט, דאָ, און דאָרט.
מיין נפש זאָל לעבען, דיך ריהמען,
דיינע משפטים וועלען מיך העלפען,
— ווי דו וועסט באַשטימען.
איך האָב געבלאָנדזשעט ווי אַ פאַרלוירענע שאָף,
דיינע מצוות ניט פאַרגעסען, — נאָר צו דיר איך האָף.

# שיר המעלות אל ד׳ בצרתה לי

(אויפֿן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קי״כ)

אין מיין נויט, גערופען האָב איך צו ג־ט,
און געענטפערט מיר האָט.
ג־ט, זיי מציל מיין נפש פון פאַלשע רייד,
ווייל דאָס ברענגט, צו צרות און לייד.
וואָס קען עס דיר געבען ?
אַ פאַלשע צונג אין לעבען ?
ווי איז מיר, וואָס אין משך געוואוינט האָב,
גערוהט מיט די פאַמיליעס פון קדר, אַלס צוגאָב.
לאַנג האָב איך גערוהט, מיט דעם שונא פון שלום,
ווען איך רייד פון פרידען, — איז עס ביי זיי אַ חלום.

# אשא עיני אל ההרים

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״א)

איך הויב אויף מיינע אויגען, צו די בערג אין דער הויך,
קלעהר, פון וואַנען וועט קומען מיין הילף? —
עגבערט מיר מיין מוח

מיין הילף איז פון ג־ט,
וועלכער הימעל און ערד באַשאַפען האָט.
דיין פוס, צום אויסגליטשען וועט ער ניט דערלאָזען,
דיין וועכטער, וועט דיר אויך ניט פאַרלאָזען.
דער היטער פון ישראל, ווערט ניט אַנטשלאָפען,
מ׳דאַרף אָבער, צו אים נאָר האָפען.
בייטאָג, וועט דיר די זון ניט שלאָגען,
און די לבנה ביינאַכט, וועט דיר ניט פּלאָגען.
ג־ט, וועט דיר פון אַלעס בייז פאַרהיטען,
ער איז שטענדיג גרייט דיך באַשיצען.
ג־ט וועט שטענדיג היטען, דיין אַרויסגיין און קומען,
פון איצט ביז אייביג, — די שונאים וועלען שטומען.

# שיר המעלות לדוד שמחתי לי

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ב)

געפרייט האָב איך זיך, וועלכע זאָגען צו מיר,
אין ג־טס הויז נאָמיר גיין צוזאַמען אַלע פיר.
אָט שטייען אונזערע פיס, ביי ירושלים׳ס טויערען,
ירושלים די איבערגעבויטע, מיט איהרע שיינע מויערן.
דאָרטען, פלעגען די שבטים אויך קומען,
לערנען ג־טס געזעצען, פלעגען זיין פאַרנומען.
דאָרטען זיינען אויך געשטאַנען די טראָנען,
פון דוד׳ס הויז, מיט די גאָלדענע פאָנען.
פאַר דעם שלום פון ירושלים, בעטען זאָלט איהר,
ס׳זאָל זיין שלום אין דיין מויער, — אַ פרייד פאַר מיר.
צוליב דעם פרידען פון מיינע ברידער און פריינט,
רעד איך שטענדיג, — ניט נאָר היינט.

# שיר המעלות אליך נשאתי את עיני

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ג)

מיינע אויגען טהו איך הויבען צו דיר,
זאָלסט ניט לאָזען פאַלען מיר.
אַזוי ווי א קנעכט, אויף זיין האַר טהוט קוקען,
אַזוי וועל איך פאַר דיר, זיך קניען און בוקען.
באַגנאַדיג אונז ג־ט, ס׳איז שוין צייט,
גענוג שאַנדע געליטען, — מאַך אונז פאַר לייט.
פון די אָפּשפּאָטער, האָבען מיר געליטען אַ סך,
זעה, ג־ט, אַן ענדע פון דעם מאַך.

# שיר המעלות לדוד

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ד)

וװען ניט ג־ט װאָלט מיט אונז געװען,
װער װייסט, װאָס ס׳װאָלט דאַן געשעהן ?
װען מענשען שטייען אויף אונז אָן,
װאָלט אונזער לעבען געשטאַנען אין קאָן.
לעבעדיגערהייט, פאַרשלינגען אונז זיי װאָלטען,
װען ניט ג־ט, װאָלט עס זיי אָפּגעגאָלטען.
בעת זייער צאָרען צעברענט האָט זיך,
װאָלט דאָס װאַסער פאַרפּלייצט אונז גיך.
געלויבט איז ג־ט װאָס האָט אונז ניט געגעבען,
פאַר שפּייז צו זייערע ציין, — אָט דאָס איז זייער לעבען.
אונזער נפש װי אַ פויגעל איז אַנטרונען,
פון פאַנגערס פאַסטקע, — אונז ניט געפונען.
די פאַסטקע צעבראָכען, — מיר זיינען אַנטלאָפען,
אונזער הילף איז פון ג־ט, — צו איהם מיר האָפען.

# שיר המעלות, הבוטחים בד׳ כהר ציון

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ה)

די וועלכע אויף ג־ט פאַרזיכערען זיך,
וועט קומען זייער ישועה גאָר גיך.
וואָרום, די רוט פון פארברעכען, וועט ניט רוהען,
אויף דעם גורל פון צדיקים, וועלכע גוטעס טהוען.
כדי די גערעכטע זאָלען ניט אויסשטרעקען,
זייערע הענט מיט עוולת זיך באַדעקען.
די אָבער, וועלכע נייגען זיך אין קרומע וועגען גייען,
וועלען זיי אויסגעפינען, וואָס מיט זיי וועט געשעהן.
אויף ישראל אָבער, וועט זיין שלום,
אין דער ווירקלעכקייט, — ניט אין חלום.

# בשוב ד׳ את שיבת ציון

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ו)

ווען די געפאַנגענע פון ציון צוריקגעקערט האָט ג־ט,
זיינען מיר געווען ווי פאַר׳חלומ׳ט פון זיין גענאָד.
פול מיט געלעכטער איז געוואָרען אונזער מויל,
אונזער צונג מיט געזאַנג, — פאַר פעלקער אַ גרויל.
געזאָגט צווישען פעלקער דאַן מ׳האָט,
געטהאָן וואונדער האָט מיט אונז ג־ט.
אונזער געפאַנגענשאַפט צוריק קעהר,
די שטראָמען וואַסער זאָלען ניט דריקען שווער.
דער וואָס זייעט מיט טרערען, מיט געזאַנג זאָל שניידען,
די טרערען פון וויינענדיגען, זאָלסטו, ג־ט פאַרמיידען.
דער וואָס טראָגט פון קערנער דעם זאַק,
קומען זאָל מיט געזאַנג, טראָגענדיג זיין פּאַק.

# שיר המעלות לשלמה

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ז)

אויב ג־ט, וועט די הויז ניט בויען, אויפשטעלען,
אומזיסט איז אייער מיה, — ס׳וועט ניט העלפען אייער וועלען.
אויב ג־ט, וועט די שטאָט ניט היטען,
איז אַ שאָד די טרחה, וועלכע איהר האָט געליטען.
נאַריש איז דער, וועלכער שטייט אויף גאַנץ פרי,
עסט זיין ברויט מיט מאַטערניש, און מיה.
אַזוי פיל זיין ליבלינג, אין שלאָף גיט ער,
אַרבייט ניט אויף זיין ברויט אַזוי ביטער.
קינדער זיינען אַ ירושה פון ג־ט,
אַ געצאָלט, איז די פרוכט פון בויך, וועלכע מ׳האָט,
אַזוי ווי דעם גבור׳ס קוילען פייער,
אַזוי זיינען קינדער פון דער יוגענט טייער.
זיי וועלען פאַרשעמט ניט פאַרבלייבען,
מיט זייערע רייד, וועלען זיי שונאים פאַרטרייבען.

# אשרי כל ירא ד׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קכ״ח)

וואויל איז צו יעדען, וועלכער פאָרכט פאַר ג־ט,
און זיין תורה געלערענט האָט.
ווען די מיה פון דיינע הענט אַז דו עסט,
אַזוי וואויל איז דיר, — איידער עסען ביי יענעם קעסט.
גליקליך ביסטו, און גוט וועט דיר זיין,
וואָס דו אַליין פאַרדינסט, איז נאָר דיין.
דיין ווייב מיט די קינדער, אַרום דיין טיש פרעהליך,
דער מאַן פיהלט זיך דאַן ווי אַ מלך.
פון ציון און ירושלים, זאָל דיר ג־ט בענטשען,
דיינע קינדער זאָלען אויפוואַקסען גרויסע מענשען.

# שיר המעלות רבת צררוני מנעורי

(אויפֿן מאָטיוו פֿון תהלים קאַפּיטעל קכ״ט)

צופיל געפּייניגט האָבען זיי מיר,
דאַרום ג־ט, טהו איך בעטען דיר.
געפּייניגט האָבען זיי מיר, פֿון מיין יוגענט אָן,
מיין לעבן איז איינגעשטעלט אין קאָן.
געאַקערט האָבען זיי איבער מיין רוקען,
געוואָלט, איך זאָל זיך פֿאַר זיי בוקען.
ג־ט, אָבער, האָט איבערגעהאַקט זייער שטריק,
און דאָס איז געווען מיין גליק.
פֿאַרשעמט און פֿאַראַכטעט וועלען זיי ווערען,
די שונאים פֿון ציון, וועלכע אונזער לעבען פֿאַרשטערען.
זיי וועלען זיין, ווי גראָז אויף די דעכער,
וועלכע שפּראָצען אַרויס, און וואַקסען ניט העכער.
דער שניטער האָט גאָר ניט געהאַט וואָס צו נעהמען,
אַוועק איז ער מיט ליידיגען, — און קלעמען.
די פֿאַרבייגייהער האָבען ניט געזאָגט, ג־טס ברכה,
ניט געבענשט זיי, — ס׳זאָל זיין מיט הצלחה.

# שיר המעלות ממעמקים קראתיך ד׳

(אויפ׳ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״ל)

פון די טיפענישען רוף איך צו דיר ג־ט,
און מיין שטימע דערהערט ער האָט.
פאַרנעמען מיין געבעט זאָלען דיינע אויערען,
ווייל מיינע שונאים אויף מיר לויערען.
אויב דו וועסט אַכטען, ג־ט, אויף די זינד?
טאָ ווער איז ריין פון עבירות ווי אַ קינד?
געהאָפט האָב איך צו ג־ט, און צו זיינע רייד,
ווייל דאָס ברענגט מיך גרויס פרייד.
מיין נפש וואַרט אויף ג־ט, ווי אַ וועכטער אויפ׳ן פרימאָרגען,
דאָס נעהמט אַוועק פון מיר, מיינע דאגות און זאָרגען.
האָף ישראל צו ג־ט, דער חסד איז ביי איהם,
בעט, וועט ער זיך צוהערען צו דיין שטים.

# שיר המעלות לדוד

(אויפ׳ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״א)

ג־ט מיין האַרץ, ניט געגרויסט זיך איבער קיינעם,
מיינע אויגען ניט דערהויבען איבער קיינעם.
איך האָב מיין נפש בלויז איינגעשטילט,
ווי אַן אַנטוואוינטער קינד פיהלט.
ישראל, דו צו ג־ט, נאָר האָף,
פון איצט ביז אייביג, — רוהיג שלאָף.

# שיר המעלות, זכור ד׳ לדוד

(אויפין מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ב)

דערמאָן ג־ט, די פּייניגונג פון דוד׳ן דיין קנעכט,
ער בעט ביי דיר רחמים דורך טעג און נעכט.
וואָס ער האָט געשוואָרען צו ג־ט,
אַ נדר געטאָן צום מעכטיגען פון יעקב האָט.
כ׳וועל ניט אַריינקומען אין מיין געצעהלט, איך שווער,
די בעט פון מיין געלעגער, וועט בלייבען לעהר.
קיין שלאָף צו מיינע אויגען, וועל איך ניט געבען,
צו מיינע ברעמען אַ דרעמעל, מיין תענוג אין לעבען.
ביז וואַנען איך וועל געפינען אַן אָרט פאַר ג־ט,
וועלכער די וועלט באַשאַפען האָט.
שטיי אויף ג־ט, צו דיין רוה אָרט,
דיינע כהנים וועלען זיך אָנקליידען גערעכטיגקייט דאָרט.
צוליב דוד׳ן, דיין געטרייען קנעכט,
זאָלסטו ניט צוריקקערען, דיין געזאַלבטענס רעכט.
ג־ט האָט צו דוד׳ן געשוואָרען,
אַז קיין זאַך וועט ניט גיין פאַרלאָרען.
אויב מיינע זין וועלען מיין בונד היטען,
און מיין לעהרע, וועט ניט ווערען פאַרשניטען,
וועלען זייערע קינדער אויך זיצען אויפ׳ן טראָן,
כ׳וועל זיי דערהויבען, ביז סאַמע אויבען אָן.
דאָ איז מיין רוה, און זיץ־אָרט,
כ׳עוול דאָ זיצען, וועל ניט בייטען מיין וואָרט,
איהר שפּייז וועל איך בענטשען,
ברויט צו זאַט, — פאַר איהרע אָרעמע מענטשען.
דאָרט אַ האָרען פאַר דוד׳ן וועל איך מאַכען,
זיינע פיינד וועל איך אָנטאָן חרפּה, — מ׳וועט פון זיי לאַכען.

# שיר המעלות לדוד הנה מה טוב

(אויפֿין מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ג)

ווי גוט, און אָנגענעם צו זיצען אינאיינעם,
מיט ברידערליכע ליבע, ביי אַ טיש אַ שיינעם.
ווי דער גוטער אויל, וואָס אויפ׳ן קאָפּ,
וועלכע אויף אהרן׳ס באָרד רינט אַראָפּ.
אַזוי ווי די טהוי פון חרמון רינט אַרונטער,
אויף די בערג פון ציון, וועלכע שיינען אַרונטער.
דאָרטען, האָט ג־ט, באַפוילען די ברכה,
אַ לעבען ביז אייביג, מיט הצלחה.

# שיר המעלות לדוד הנה ברכו את ד׳

(אויפין מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ד)

בענטש ג־ט, אַלע ג־ט׳ס קנעכט,
וועלכע שטעהען אין ג־ט׳ס הויז אין די נעכט.
אייערע הייליגע הענט הויבט אויף,
און בענטשט ג־ט, אין זיין הויף.
פון ציון זאָל דיר ג־ט בענטשען,
דער באַשעפער פון הימעל, ערד, און מענשען.

# הללויה הללו את ד׳

(אויפ׳ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ה)

לויבט דעם נאָמען איהר ג־ט׳ס קנעכט,
וועלכע שטעהען אין ג־ט׳ס הויז מיט פולע רעכט.
לויבט צו ג־ט, זינגט צו זיין נאָמען,
ער איז ליבליך, — יעדערער איז ווילקאָמען.
אַלץ וואָס געוואָלט האָט ער געטאָן,
ווען ער גיט זיין באַפעהל פון אויבען אָן.
וואָלקענס פון עק ערד, הויבט ער,
מאַכט בליצען צום רעגען, — ס׳איז אויך ניט שווער.
די בכורים פון מצרים, האָט ער געשלאָגען,
פון מענשען ביז בהמות, — און פאַרשידענע פּלאָגען.
אין מצרים זיינע צייכענס און וואונדער געשיקט,
פרעה׳ן און זיינע קנעכט, גאַנץ גוט דערדריקט.
ר׳האָט געשלאָגען פיל פעלקער און רעגירער,
די קעניגע, סיחון, און עוג, די גרויסע פיהרער.
ג־ט, וועט משפט׳ן זיין פאָלק.
ר׳וועט זיי ברענגען, צו אַ ברעג, אַ טאָלק.
זייערע געטער זיינען האַנד געמאַכטע,
פון מענשענס הענד אויסגעטראַכטע,
זיי האָבען אַ מויל, קענען ניט ריידען,
אויגען ווי בלינדע, אויף כפרות זיי טויגען.
זייערע אויערען, טהוען ניט הערען,
איהר מעגט זיי שעלטען, מעגט זיי שווערען.
אַזוי ווי זיי, זייערע מאַכערס זאָלען זיין,
דער וואָס טרויט אין זיי, — אַ רוח אין זיי אַריין.

ר׳וועט דיר פון דיינע צרות אויסלייזען גיך.
דו ישראל, — אויף ג־ט פאַרלאָז זיך,
אהרנ׳ס הויז, אויף ג־ט זיך פאַרזיכער,
ר׳וועט ברענגען די ישועה וואָס גיכער.
לוי׳ס הויז, בענטשט ג־ט,
וועלכער די וועלט באַשאַפען האָט.

# הודו לד׳ כי טוב

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ו)

פאַר זיין גענאָד לויבט ג־ט,
זיין חסד איז אויף אייביג געטאָן האָט.
דאַנקט צום האַר, פון די האַרען,
ר׳וועט אייך אויסהיטען פון אַלע געפאַרען.
צו דעם וואָס די הימעל מיט פאַרשטאַנד געמאַכט,
אויסגעשפרייט די ערד, — זעהט נאָר באַטראַכט.
געמאַכט האָט ער אויך די גרויסע ליכט,
די זון בייטאָג, — די שטערען געדיכט.
צו דעם, וועלכער די בכורים האָט געשלאָגען,
די מצריים אויך מיט פאַרשידענע פלאָגען.
אַרויסגעצויגען ישראל׳ן צווישען זיי,
געמאַכט אַ תל, אַז אָך און ויי.
דעם ים סוף אין שטיקער צושניטען,
די אידען זיינען אַדורך אינמיטען.
אַריינגעטרייסעלט פרעה׳ן מיט זיינע סאָלדאַטען,

די רייטוועגען זיינע, און מלחמה אַפּאַראַטען.
צו דעם וואָס אין מדבר, געפיהרט האָט זיין פאָלק,
דעשלאָגען מלכים, געבראַכט די אידען צו אַ טאָלק,
דער׳הרג׳עט די מעכטיגע רעגירער,
די קעניגע סיחון, און עוג, די גרויסע פיהרער.
אין אונזער נידערפאַל, דערמאָנט אונז האָט ער,
באַפרייט אונז פון די דריקער, — וואו מיר גיבען זיך אַ קעהר.
צו יעדער באַשעפעניש גיט ער ברויט,
העלפט אַרויס יעדערען אין זיין נויט.

# על נהרות בבל שם ישבנו

(אויפ׳ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ז)

ביי די טייכען פון בבל זיינען מיר געזעסען,
געוויינט האָבען מיר, — דאָס האַרץ איז צעגעסען.
דערמאָנט זיך, פון ציון אונזער מוטער,
פאַרלוירען אַזאַ לאַנד, ווי שלעכט ווי ביטער.
מען בעט אונז, מיר זאָלען זינגען און שפּילען,
ווי קענען מיר עס טהאָן? זיי האָבען קיינע געפיהלען.
פאַרטריבען זיינען מיר אויף פרעמדע ערד,
מ׳טרעט אונז מיט די פיס, מען הרג׳עט מיט׳ן שווערד.
אָ, ירושלים! ביי מיין רעכטע האַנד טהו איך שווערען,
אייביג וועל איך פון דיר, טראַכטען און קלעהרען.
אויף אַלע מיינע שמחות, וועל איך דיר דערמאָנען,
מיט ליבשאַפט קושען, דיינע בלוי ווייסע פאָהנען.

# אודה בכל לבי

(אויפ'ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ח)

מיט מיין גאַנצען האַרצען, דאַנקען וועל איך דיר,
אַנטקעגען געטער, זינגען וועל איך צו דיר.
דיין נאָמען וועל איך לויבען,
אין דיין טריישאַפט, וועל איך גלויבען.
אין טאָג וועלכען האָב גערופען, געענטפערט האָסטו גיך,
געקרעפטיגט מיט שטאַרקייט האָסטו מיך.
דיר וועלען לויבען אַלע קעניגען פון דער ערד,
די רייד פון דיין מויל, איז שטאַרקער פון שווערד.
די וועגען פון ג־ט, וועלען זיי באַזינגען,
מיט גרויס כבוד, וועט דיין נאָמען קלינגען.
כאָטש ג־ט איז דערהויבען, דאָך אַ בליק גיט ער,
אויף דעם נידעריגען, וועלכער לאָזט אַ טרער,
ווען איך מאַך דורך אַ שלעכטע צייט,
לעבסטו מיך אויף, — מיט לייטען גלייך.

# למנצח לדוד מזמור

(אויפ'ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קל״ט)

ג־ט, דו האָסט מיך אויסגעפאָרשט, קענסט מיך גוט,
מיין זיצען און אויפשטעהן ווייסטן, — וואָס יעדערער טהוט.
מיין געדאַנק פאַרשטייסטו פון דער ווייטען,
וועל זיין אַ מענש צו ג־ט, און צו לייטען.
ווען אויף מיין צונג איז נאָך ניטאָ דער וואָרט,
ווייסטו שוין אינגאַנצען גלייך אויפ'ן אָרט.

פאַרדעקט איז פון מיר, חכמה און וויסען,
צו הויך פאַר מיין קאָפּ, פון דיין וויסענשאַפט געניסען.
וואוהין זאָל איך פון דיין גייסט אַוועק?
וואוהין זאָל איך אַנטלויפען? — ס׳באַפאַלט מיך אַ שרעק.
זאָל איך אין הימעל אַרויפגיין הויך?
אָדער זיך אויסבעטען אין קבר? — דאָרט ביסטו אויך.
זאָל איך נעהמען פליגלען און געבען אַ פליה?
איז אויך אַ שאָד מיין טרחה, מיין מיה.
אויך דאָרט, וועט מיר דיין האַנד דערגרייכען,
טאָ וואוהין קען איך שוין לויפען?
האָב איך געזאָגט: נאָר פינסטערניש קען מיך באַדעקען
קענסטו אין דער פינסטער מיר אויך אַנטדעקען.
מיין נפש אַנערקענט, אַלע דיינע וואונדער זאַכען,
נאָר דו, ג־ט, קענסט דאָס אַלעס מאַכען.
מיין פורעמלאָזען לייב, האָבען דיינע אויגען געזעהן,
אין דיין בוך איז פאַרשריבען, וואָס מיט מיר וועט געשעהן.
און פאַר מיר, ווי שווער זיינען דיינע געדאַנקען, ג־ט?
וועלכען אַזאַ וועלט באַשאַפען האָט.
זאָל איך זיי נעמען אויסציילען, פון זאַמד זיינען זיי מעהר,
פאַר מיינע געדאַנקען, איז דאָס געוויס צו שווער.
ווען דו ג־ט, וואָלסט דעם רשע אַ טויט געמאַכט,
וואָלט ער אויף מיר מיט פאַראַכטונג ניט געטראַכט.
דיינע פיינט ג־ט, טהו איך דאָך האַסען,
קריג זיך מיט זיי, — פון אַלעס טהוען זיי שפּאַסען.
פאָרש מיך, ג־ט, מיין האַרץ דערקען,
פרואוו מיך, ווערסטו מיינע געדאַנקען זעהען.
אויב איך גיי טאַקע אין דעם קרומען וועג?
דאַן ווייז מיך, וואָס מ׳טאָר ניט, און וואָס מ׳מעג?

# חלצני ד׳ מאדם רע

(אויפ׳ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״מ)

באַפריי מיך, ג־ט, פון בייזע מענשען,
פאַרהיט מיך פון זיי, — טהו מיך בענשען.
פון רויב מענשען, פארהיטען זאָלסטו מיך,
זיי צילען מיר טהאָן שלעכטס גיך.
צו קריג רייצען זיי יעדען טאָג,
שאַרפען זייער צונג, — אַריינברענגען, יאָמער קלאָג.
היט מיך אויס, ג־ט, פון רשע׳ס הענט,
ווען ניט דיין הילף, וואָלטען זיי מיך פאַרברענט.
די גרויסהאַלטער, אַ פאַסטקע פאַר מיר באהאלטען
אויסגעשפּרייט נעץ, ווי אין וואַסער דעם קאַלטען.
די מאַכט פון מיין הילף ביסטו, ג־ט, מיין האַר.
באַשיץ מיין קאָפּ, — מאַך מיר ניט צום נאַר.
די פאַרלאַנגען פון דעם רשע זאָלסטו ניט נאָכגעבען,
בייז צו טהאָן, — אָט דאָס איז זיין לעבען.
קוילען זאָלען געוואָרפען ווערען אויף זיי,
זאָלען זיי פון ווייטאָג מיטפיהלען יענעמס וועה.
זיי זאָלען זיך ניט באַפעסטיקן אויף דער ערד,
און ווערען פאַרניכטעט דורכ׳ן שווערד.
איך ווייס, אַז ג־ט, וועט טהאָן רעכט,
דעם משפט פון אָרעמאַן האָט ער קיינמאָל פאַרשוועכט.

# מזמור לדוד ד׳ קראתיך

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״א)

איך האָב ג־ט דיך גערופען, — אייל צו מיר,
פאַרנעם מיין שטימע, ווען איך רוף צו דיר.
שטעל ג־ט אַוועק אויף מיין מויל אַ וואַך,
אַן אָפּהיט, ווי פאַר הויז אַ דאַך.
נייג ניט מיין האַרץ, צו שלעכטע זאַכען,
ווייל דער יצר הרע, קען נאָך מיר אומגליקליך מאַכען.
כ׳זאָל ניט נעמען קיין אַנטייל אין פאַרדאָרבענע טהאַטען,
אַריינכאַפּען מיך, מיט זייער צונג דעם גלאַטען.
אפילו ניט הנאה האָבען פון זייער ברויט,
ווען כ׳זאָל באַדאַרפען אפילו ליידען נויט.
בעסער פון צדיק געשלאָגען צו ווערען,
איידער צו די רשעים זיך קערען.
אַרונטערגעוואָרפען זאָלען זיי ווערען פון אַ שטיין,
צעברעכען דעם האַלדז און געביין.
וואָרום אויף דיר ג־ט זיינען מיינע אויגען, מיין האַר,
איך שיץ מיך אין דיר, — היטסט מיך פון געפאַר.
היט מיך אויס פון די פאַסטקע, זיי האָבען געשטעלט,
פונקט נעבען אַריינגאַנג פון מיין געצעלט.
אַריינפאַלען זאָלען זיי די רשעים אינאיינעם,
ס׳זאָל ניט פאַרבלייבען פון זיי קיינעם.

# משכיל לדוד בהיותו במערה תפלה

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ב)

צו ג־ט מיין שטימע איך שריי,
איך בעט אים, — מיינע צרות זאָלען פאַרביי.
איך גיס אויס מיין יאָמער פאַר אים,
מיינע ליידען דערצייל איך, — ר׳וועט הערען מיין שטים.
אויפ׳ן וועג וואו איך גיי,
אַ פאַסטקע אַוועקגעשטעלט האָבען זיי.
ניטאָ ווער ס׳זאָל מיר טרייסטען, קיין באַקאַנטען האָב ניט,
אַ טרייסטוואָרט צו מיין שווערען געמיט.
פאַרלאָרען איז אַ רעטונג פון מיר,
קיינער וויל ניט עפענען אַ טיהר.
געזאָגט האָב איך, דו ביסט מיין שוץ,
צו לערנען דיין תורה, וועט מיר ברענגען נוץ.
פאַרנעם מיין געזאַנג, איך בין געבראָכען,
יעטוועדער גליד איז אין מיר צעשטאָכען.
מיין נפש פון תפיסה באַפריי,
צו לויבען דיין נאָמען, איז לעבען כדאי.
מיט מיר וועלען צדיקים זיך קרוינען,
מיינע שונאים פאַרפאָלג, אַזעלכע פאַרשוינען.

# ד׳ שמע תפלתי

(אויפֿין מאָטיוו פֿון תהלים קאַפּיטעל קמ״ג)

ד׳ערהער ג־ט מיין תפלה, פֿאַרנעם מיין געבעט,
ענטפֿער מיר אין דיין טריישאַפֿט, — מיינע זינד פֿאַרגלעט.
גיי ניט אַריין אין אַ משפּט מיט דיין קנעכט,
ווייל שולדיג בין איך, — דו ביסט גערעכט.
דער פֿיינט האָט מיין נפש פֿאַרפֿאָלגט ביז אַרונטער,
מיין לעבען איז דערשלאָגען, — ווי אַזוי קען איך זיין מונטער ?
פֿאַר׳חלש׳ט איז געוואָרען אין מיר מיין געמיט,
מיין האַרץ איז פֿאַרוואונדעט, — כ׳קען ניט גיין אַ טריט.
דערמאָן איך די טעג פֿון פֿאַרצייטען,
ווען כ׳בין געווען צוגלייך מיט לייטען.
שפּרייט איך אויס מיינע הענט קעגען דיר,
ראַטעווע מיין נפש, — העלפֿען קענסטו נאָר מיר.
פֿאַרבאָרג ניט דיין פּנים ג־ט פֿון מיך,
כ׳זאָל ניט נידערען אין גרוב גיך.
לאָז מיך הערען דיין חסד אין פֿרימאָרגען,
ניט דאַרפֿען קלערען און זאָרגען.
מאַך מיר וויסען, אין וועלכען וועג איך זאָל גיין,
אין די וועגען פֿון די רשעים ניט צו שטיין.
לערען מיך דיין ווילען צו טאָן,
ווייל מיין לעבען שטייט אין קאָן.
צוליב דיין נאָמען זאָלסטו מיך אויפֿלעבען,
דיין גייסט זאָל אויף מיר שוועבען.
פֿאַרניכטען זאָלסטו אַלע וועלכע מיין נפש דריקען,
איך בין דיין קנעכט, — זיי ווילען מיר דערשטיקען.

# לדוד ברוך ד׳ צורי

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ד)

געלויבט איז ג־ט, וואָס לערענט מיינע הענד צו מלחמה,
מיינע פינגער צו קריג, — און נקמה.
מיין גענאָד און פעסטונג ביסטו ג־ט,
מיין באַשיצער, וועלכער פעלקער אונטערטעניגט האָט.
אַ מענש איז געגליכען צו אַ אָטעם־ווינד,
זיינע טעג ווי אַ שאָטען לויפען געשווינד.
ג־ט, פון דיינע הימלען נידער אַראָפּ,
פאַרשפּרייט דיינע בליצען, — פאַרטומעל זיי די קאָפּ.
פון די גרויסע וואַסערען ראַטעווע מיך,
פון די פרעמד געבאָרענע אויף גיך.
ווייל פאַלשקייט רעדט זייער מויל,
אויף ליגענס זיינען זיי אויך ניט פויל.
ג־ט, כ׳וועל זינגען צו דיר אַ נייעם געזאַנג,
אויף אַ האַרף אויסשפּילען זיין זיסען קלאַנג.
דער וואָס ציהט אַרויס דוד זיין קנעכט,
וועט איינזעהן, אַז איך בין גערעכט.
אונזערע זיהן ווי פלאַנצען, ערצויגען גוט,
אונזערע טעכטער זיינען אונזער שטאָלץ, — און מוטה.
וואויל איז דאָס פאָלק, וואָס ביי אים איז אַזוי,
ג־ט פאַרהיט אים פון יסורים און ווער.

# תהלה לדוד ארוממך אלקי המלך

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ה)

מיין ג־ט, דער קעניג, כ׳וועל דיר דערהויבען,
נאָר אין דיר וועל איך גלויבען.
יעדען טאָג וועל איך דיר בענשען.
רימען דיין נאָמען צווישען מענשען.
איין דור צום צווייטען, לויבען דיינע טהאַטען,
דיינע גבורות זיינען שטאַרקער ווי האַרמאַטען.
די רייד פון דיינע וואונדער, וועל איך אויסריידען,
דאָס מאַכט מיר פאַרגעסען אַלע מיינע ליידען.
גוט איז צו אַלעמען, ג־ט,
רחמנות אויף אלעמען ער האָט.
דעם כבוד פון דיין קעניגרייך זאָגען זיי אַרויס,
וועגען דיין גבורה רעדט מען אין גאַס, אין הויז.
אַלע געפאַלענע שטיצט ג־ט אונטער,
ער מאַכט זיי פיהלען, פרעהליך, און מונטער.
ג־ט איז גערעכט אין אַלע זיינע וועגען,
ער ווייזט אונז אָן, וואָס מיר מעגען.
נאָהענט איז גאָט, צו אַלע וואָס רופען אים,
אויב מיט אמת? הערט ער זיין שטים.
אַלע זיינע ליבהאָבער ג־ט באַוואַכט,
די רשעים פאַרטיליגט ער, — זעהט באַטראַכט.
דעם לויב פון ג־ט, מיין מויל טהוט ריידען,
נאָר ער קען מיין שיקזאַל באַשיידען.

# הללי נפשי את ד׳

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ו)

איך וועל לויבען ג־ט. ביי מיין לעבען,
וועל זינגען צו איהם, דאָס איז מיין שטרעבען.
אויף פירשטען פאַרזיכערט זיך ניט,
ווייל אויפטאָן קען ער גאָר ניט.
גייט אויס זיין אָטעם, — צו זיין ערד קערט זיך אום,
טויט ווי אַלע טויטע, — בלייבט שטיל, שטום.
וואויל איז צו דעם, וואָס זיין הילף איז פון ג־ט,
וועלכער אַזאַ וועלט באַשאַפען האָט.
ער טהוט רעכט צו די געדריקטע,
ברויט צו די הונגעריגע, געפּלאַגטע, געשטיקטע.
ג־ט מאַכט בלינדע צו זעהן,
געבויגענע שטעלט ער אויף, — נסים געשעהן.
ג־ט, די פרעמדע ער באַוואַכט,
ווייסט, וואָס אַ יעטווידער דענקט, און טראַכט.
דעם יתום און אלמנה, דערמוטיגט ער,
דעם וועג פון די רשעים פאַרקרימט ער.
ג־ט וועט אויף אייביג רעגירען,
זיין קעניגרייך, וועט שטענדיג עקזיסטירען.

# הללויה כי טוב זמרה אלקינו

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ז)

גוט איז צו זינגען צו אונזער האַר,
ער היט אונז פון יעטוועדע געפאַר.
דער אויפבויער פון ירושלים איז ג־ט,
די פאַרשטויסענע וועט ער ניט מאַכען צו שפּאָט.
ער ציילט איבער דעם צאָל פון די שטערען,
ווי קען עס אַ מענש מיט זיין קאָפּ באַקלערען ?
גרויס איז אונזער האַר מיט פיל כח,
מ׳קען עס ניט באַגרייפען מיט׳ן מח.
מיט אַ דאַנק הויבט אויף אייער קול,
שפּילט אויף אַ האַרף אַלע מיט אַמאָל.
דער וועלכער אויף בערג מאַכט שפּראָצען גראָז,
ס׳שמעקט אַ טעם גן עדן פאַר׳ן נאָז.
צו דער בהמה איהר שפּייז ער גיט.
און צו דעם ערב וועלכער פליהט.
ניט די גבורה פון דעם פערד פאַרלאַנגט ער,
און ניט אין מענטשענס ליטקעס איז זיין באַגעהר.
ג־ט באַגערט, די וועלכע האָבען פאַר אים מורא,
ערוואַרטען זיין חסד, — און היטען זיין תורה.
ירושלים, ! געשטאַרקט האָט ער די ריגלען פון דיינע טויערען,
געבענטשט דיינע קינדער, אין דיינע מויערען.
ער שיקט אויף דער ערד זיין באַפעל,
זיינס אַ וואָרט לויפט מורא׳דיג שנעל.
ער גיט אַ שניי ווי אַ וואַל,
אַייז ווי אַש שפּרייט ער אָן אַ צאָהל.

זיין אייז ווי ברעקלעך וואַרפט ער,
זיין קעלטביישטיין איז שווער.
ווען ער גיט אַ שיק זיין וואָרט,
אַזוי ווערט עס צעשמאָלצען אויף אַן אָרט.
ער מאַכט בלאָזען זיין ווינט, וואַסער רינען,
נאָר צו איהם דאַרפען מיר דינען.
צו קיין פאָלק טהוט ער ניט אַזוי,
ר׳וועט זיך אָפּרעכענען, וועלכע טהוען אונז וועה.

# הללו את ד׳ מן השמים

(אויפ׳ן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ח)

פון די הימלען לויבט ג־ט,
אויך די מלאכים וועלכע באַשאַפען האָט.
לויבט אים, די זון, די לבנה, און די שטערען,
ווי אַזוי זיי לייכטען? איז שווער צו דערקלערען.
אַוועקגעשטעלט אַ געזעץ האָט ער,
איבערמאַכען עס איז זעהר שווער.
פייער און האָגעל, שנייען און רויך,
אַ שטורעמווינד וועלכער בלאָזט אין דער הויך.
פעלקער פון דער ערד, ריכטער און האַרען,
וועלכער היט אייך פון אַלע געפאַרען.
אינגלעך, מיידלעך, יונג און אַלט,
דאַרפען אים לויבען מיט אַ פריילכען געשטאַלט.

# שירו לד׳ שיר חדש

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל קמ״ט)

זינגט צו גאָט אַ נייעם ליד,
אין דער פאַרזאַמלונג פון פרומע, ווערט אַמיטגליד.
זיין נאָמען מיט טאַנץ זאָלען זיי לויבען,
מיט פויק און פידעל, ווערען דערהויבען.
וואָרום ג־ט, באַוויליגט זיין פאָלק,
באַשיינט די געדריקטע, ברענגט זיי צו אַ טאָלק.
זאָלען די פרומע, זיך פרייען און זינגען,
אויף זייערע געלעגערס, די שטימען זאָלען קלינגען.
אַ צוויי שאַרפיגע שווערד אין זייער האַנט,
נקמה וועט ער נעהמען, — ס׳וועט ווערען באַקאַנט.
צו בינדען זייערע הערשער אין קייטען,
וואָס פון דריקען, וועט זיי טויטען.
אַ שיינקייט וועט עס פאַר אַלע פרומע זיין,
ווען ג־ט׳ס ברכה וועט אין זייערע הייזער אריין.

# הללו אל בקדשו

(אויפן מאָטיוו פון תהלים קאַפּיטעל ק״נ)

אין זיין הייליגטום לויבט ג־ט,
וועלכער זיין מעכטיגען הימעל באַשאַפען האָט.
לויבט אים, ווייל שטאַרק איז ער,
זיין גרויסקייט צו דערציילען איז שווער.
לויבט אים מיט טאַנץ, פידעל, און האַרף,
די קלאַנגען ברענגט אַרויס קלאָר און שרף.
יעדערער וועלכער אַ נשמה האָט,
זאָל לויבען צו אונזער האַר ג־ט.

תם ונשלם

# למען הקים שם ויד



אבן מקיר תזעק

הספר הזה „ספר תהלים בחרוזים" מוגש לאחי הבכור

המשכיל המלומד החכם

## יוסף אליהו ז"ל

שנהרג יחד עם חמשת בניו ובנותיו בשנת 1942 בעיר מולדתנו שטוצין סמוך לוילנה, ע"י הנצים הרוצחים י"ש. ולזכרון ששת מיליון מאחינו ומאחיותינו בני ובנות ישראל שנהרגו ושנשחטו ושנשרפו בארצות אירופה על קדוש השם. קול דמיהם צועקים מן האדמה. וד' ינקום את דמם השפוך. זכרם לא יסוף ממנו.

בן ציון יפה, ש"ץ

---

לזכר נשמת אחי היקר

## חיים ב"ר מרדכי צבי ז"ל יפה

***In Memory of My Beloved Husband***
***and Our Dear Father***

**HYMAN JAFFE**

**Died February 27th, 1946**

# הזכרת נשמות



לזכר נשמת

אבינו מורנו

ר' אהרן ב"ר יואל ז"ל

נפטר י"ז לחדש חשון שנת תר"ע — 1910.

תנצב"ה

לזכר נשמת

אמנו מורתנו

חיה בת ר' יעקב ע"ה

נפטרה ט' לחדש מנחם אב שנת תרצ"ז — 1937.

תנצב"ה

בניהם אליהו

קעיפטאון, סאוט אפריקא

בניהם שלום

יאָהאָניסבורג, סאוט אפריקא

*IN MEMORY OF*

*Our Dear Beloved Father*

**ZUNDEL PESKOE**

**ר׳ זונדל ב״ר אפרים ז״ל**

Born 1864 Died 1943

LONG BRANCH, N. J.

---

**לזכר נשמת**

**אשתי היקרה והחביבה**

**מרת סטיסי בת ר׳ אברהם ע״ה**

**נפטרה ט״ו לחדש סיון שנת תש״ו.**

**תנצב״ה**

(סאן אנטאניא, טעקסעס)

---

*IN MEMORY OF*

**REVEREND ABRAHAM SELSKY**

Born October 6, 1887 Died November 10, 1945

BALTIMORE, MD.

---

***In Memory of Our Beloved Father***
***and Dear Husband***

**PHILLIP YAFFE**

Born February 1, 1899 Died January 11, 1945

TORONTO, CANADA

# העלפמאַן

לזכר נשמת

אבי מורי ר' ישראל דוב בר' יהודה ארי'

נפטר כ"ד אלול שנת תרצ"ז

---

לזכר נשמת

אמי מורתי חוה שרה בת ר' יעקב

נפטרה ט' אייר שנת תרצ"ט

---

לזכר נשמת

אמי מורתי זלאטה בת ר' מרדכי

נפטרה ט"ו כסלו שנת תש"ז

---

ר' שמואל זאב בר' יעקב דוד ז"ל מארקאוויץ

תנצב"ה

---

***In Memory of Our Beloved Parents***

**SIMON and REBECCA JOFFE**

**BALTIMORE, MD.**

# ואלה יעמדו על הברכה

הש"ע ר' משה אוישער
הש"ע ר' זעליג ראָזענבערג
הש"ע א. גוזיק
הש"ע א. קליימאן
הש"ע ר' פאליק גאָלדברענער
הש"ע ר' בערעלע חגי
הש"ע ר' יוסף מאנן
הש"ע ר' ישראל בריה
הש"ע ר' יוסף פייער
הש"ע ר' יעקב טאמבאר
הש"ע ר' שמואל אפפענהיים
הש"ע ר' נחום בלאכמאן
הש"ע ר' יעקב וואנדערער
הש"ע ר' נחמיה פאסטוך
הש"ע ר' אלימלך באיער
הש"ע ר' זאב גאָלדבערג
הש"ע ר' ש. מארוויט
הש"ע ר' יעקב כהנא
הש"ע ר' מאיר בער זעלצער
הש"ע ר' י' באלאקער
הש"ע ר' יהודא ליב לייבסאָן
הש"ע ר' יהודא מאגידסאן
הש"ע ר' דוד ליב הכהן קאפּלאן
הש"ע ר' אברהם סינגער
הש"ע ר' גרשון באיארס,
לאָנדאָן, ענגלאַנד
הש"ע ר' זלמן יבנה
הש"ע ר' פייסעלע קערים
הש"ע ר' משה אייזיק לעווין
הש"ע ר' ל. מארקמאן
הש"ע ר' נפתלי הכהן יאללעס
הש"ע ר' לייב לאנגע
הש"ע ר' בן-ציון קאַפּאָוו-קאגאן
הש"ע פינטשיק
הש"ע ר' מנחם מענדל שפירא
הש"ע ר' אהרן קאפלאוו

הש"ע ר' אורי פרענקעל
רעוו. ר' יעקב קרייסטמאן וזוגתו
הש"ע ר' נחמן רעזניק
הש"ע ר' אליעזר נוביק
הש"ע ר' אפרים שלעפּאק
הש"ע ר' יעקב ברייטמאן
הש"ע ר' אברהם צמח סאלאמאן
הרב ר' שמואל יאלאוו
הש"ע ר' יוסף קאופמאן
הש"ע ר' יוסף מארגענשטערן
הש"ע ר' ס. מארשאל
הש"ע ר' משה בראודע, סיראַקיוז
הש"ע ר' יוסף פרידמאן
הש"ע ר' שמואל שיקאָף
הש"ע ר' אברהם פרידמאן
הש"ע ר' משה ערשטלינג
הש"ע ר' לייב לאנגע
הש"ע ר' אליהו שערמאָן
הש"ע ר' יעקב כהנא
הש"ע ר' זאב באגזעסטער
הש"ע ר' אורי פרענקעל
הש"ע ר' יוסף גאָלדבערג
הש"ע ר' ראובן ראָזענבליט
הש"ע ר' שמואל פאסטאלאף
הש"ע ר' יהודה אפעל
הש"ע ר' לייב גלאַנץ
הש"ע ר' חיים שניידער
הש"ע ר' יעקב שווארץ
הש"ע ר' נפתלי לייפער
הש"ע ר' י. גארסקי
הש"ע ר' אליעזר ליפּיטץ
הש"ע ר' ברוך שיפמאן
הש"ע ר' צבי גפן
הש"ע ר' יהושע ווייסער
הש"ע ר' עקיבא ראבינאוו

הש"ץ ר' זונדל עסקאָוויץ
הש"ץ ר' ראובן מארקאוויץ
הש"ץ ר' מענדעלע שפירא
הש"ץ ר' משה נולמאן
הש"ץ ר' אנשעל פרידמאן
הש"ץ ר' נחום בלאכמאן
הש"ץ ר' אברהם סינגער
הש"ץ ר' דוד בראָדסקי
אגודת החזנים דאמריקה וקנדה
המשכיל ר' חיים נאכומאווסקי
ר' שלמה ב"ר צבי הירש עגבער
ר' נחום ב"ר יוסף הכהן קאפלאן
וזוגתו חיה לאה
Mr. Harry Gordon
Mr. and Mrs. Isaac Shapiro
Mr. and Mrs. Mendel Ackerman
Mr. Max Krinsky
Mrs. S. L. Robinson
Mr. M. Kricheff
Mr. Jacob B. Gelphman
Dr. and Mrs. Milton Mendlowitz
Mr. and Mrs. A. Derman
Mrs. Chave Greenbaum
Rabbi Prof. Israel Eiserman (Paris, France)
Mr. and Mrs. Sol Lutrin
Mrs. Stein
Mr. Sam Adler
Mr. M. Gribetz

המשכיל ר' דוד אלטפילד
הר' פראפעסאר ר' ישראל אייזערמן
מפריז הבירה צרפתית
הנכבד ר' משה אלעקס
ר' שמואל דוד בר' יהודה גערבער
הסופר הנכבד ר' צבי הירש בלומענפעלד
הרב ר' דוד בערענט
ראבי שמואל באלשטיין
Mr. Aaron Weinstein
Dr. and Mrs. Leo Mazow
Mr. Samuel Mazow
Mr. L. Zemel
Mr. H. Rifkin
Mr. and Mrs. D. Heiman
Mr. Hyman J. Julius
Mr. Wm. Block
Mr. and Mrs. A. Weisser
Mr. Max Toabe
Dr. Hyman Demb.
Mr. and Mrs. Wm. Harris
Mr. Morris L. Kovner
Mr. Abraham Bensky
Mr. Harris Goldberg
Mr. Israel Lewin
Mr. Phillip Cohen
Mr. H. Blumenfeld
Mr. P. Zwaikin
Rev. Julius Magidson
Mr. Ephraim Tickotzki
Rev. Joseph Kaufman

## BALTIMORE MD.

Rev. Morris Cohen
Mr. Harry A. Brooks
Mr. Louis Dicner
Mr. Nathan Yakonitz
Dr. J. Lenpicks
Mr. Aaron Deitz
Mr. Wolf Seidler
Mr. Sam Kitt

הרב ר׳ חיים יונה וואלדמאן, וואשינגטאן

Mr. and Mrs. Isaac Shapiro
Rev. G. Freishtat
Mr. Nathan Bless
Mr. Morris Zweigle
Rev. Jacob Wohrman
Mr. Morris L. Fine
Mr. Hyman S. Silver
Rabbi Dr. Nathan Drazin
Mr. Morris J. Bass
Mr. David Askin
Rev. Jacob Kreistman
Cong. Beth Tfila
Cong. Shaarei Zion
Cong. Agudath Achim Anshei Sfard
Rabbi Dr. Samuel Rosenblatt

BLOEMFANTEIN, SO. AFRICA

Mr. and Mrs. Zalmen Wasserman
Mrs. Chave Wasserman
Mr. and Mrs. Michael Wasserman
Mr. and Mrs. Israel Wasserman
Mr. Joseph Wasserman
Mr. S. B. Komaiko (Chicago)
Mr. Philip Bernstein
Mr. E. Singer (New Orleans)
Mr. A. Bezief
Mr. and Mrs. B. Friedman (Paterson)
Mr. J. Skupsky
Mr. and Mrs. Sol Shapiro
Mr. and Mrs. Abraham Derman
Mr. and Mrs. Samuel Derman
Con. Sons of Israel, Belmar, N. J.
Rabbi Dr. Toback
Rev. H. Lipsikos
Mr. Straier (Bangor, Maine)
Dr. Eliah Kaplan (New Castle, Pa.)
Mr. and Mrs. David Heiman Poughkeepsie, N. Y.)
Rev. A. J. Rose, (Jamaica, N. Y.)
Mr. and Mrs. S. Berezowski (Johannesburg, So. Africa)
Mr. Charles Minkoff
Mr. Max Krinsky
Rev. Jacob Breitman
Mr. Israel Lewin (San Antonio, Texas)
Rev. Moses J. Braude
Dr. S. H. Goldenson

# זכרון בספר

לחובה נעימה יחשב לי להודות לש"ב היקר והנכבד

## אליהו בערעזאווסקי

מעיר קעיפטאון, סאוט אפריקא

על טובו וחסדו לתמוך אותי ממרחקים במתנה הגונה לטובת הדפסת הספר הזה.

לכן אשלח ברכתי מרחוק, שיריק ד' ברכותיו ממעל, עליו ועל בני ביתו, לחיים טובים ארוכים, והצלחה רבה.

כברכת ש"ב **בן ציון יפה**, המחבר

# ס פ ר  ת ה ל י ם

## ושירי ציון בחרוזים

# THE PSALMS OF DAVID

IN RHYME

Volume III

TRANSLATED BY

REV. BENJAMIN JAFFE

501 WEST 176th STREET

NEW YORK 33, N. Y.

NEW YORK

1948